די נייע ביבליאָטהעק.

# אַשְׁמְדַאי.

אַ פּאָעמאַ.



פערפאַסט פון

## שלמה ראפּאָפּאָרט

(ש. א. אנ—סקי).

# СМОДЕЙ

ПОЭМА.

*Соч. С. А. Ан—скій.*



С.-ПЕТЕРБУРГЪ.
Типо-Литографія І. Лурье и К°, Гороховая ул., № 48.
1905.

ג׳עווידמעט

מיין פריינד

ד״ר חיים זשיטלאווסקי.

דער פערפאסער.

## א.

### דער אַשְׁמְדַאי און זַיין טוּרם.

ווײַט פון לִיטאָ, ווײַט פון פּוילען,
הינטער אַלע הָרֵי חוֹשֶך,
בײַ דעם וועג וואָס פיהרט צום גֵיהִנוֹם,
דאָרטען וואו דער טײַך סַמְבַּטְיוֹן
זיעדט און רוישט און וואַרפט מיט שטיינער, —
שטעהט פון נִמְרוד'ס אַלטע צײַטען
אַ מְשוּנֶה-גרויסער טורם ...
היט אונז אָב, אָ. טאַטע פאָטער,
פון דעם טורם'ס בַּעַל הַבָּית! ...
אין דעם טורם איז קיין זֵכֶר
פון אַ טהיר און פון אַ פענסטער;
אויפ'ן דאַך, ווי צוויי יָוָנים,
שטעהען מעהר נישט הויכע קוימענס
און פון זיי מיט אַ געפּילדער
פליהען לאַנגע פײַער-פאַסען,
פײַער-פאָדים, גלײַך ווי בליצען.
רונד אַרום דעם גרויסען טורם
הערשט אַ פַּחַד און אַנ'אֵימָה:
דאָרטען זיצט די שוואַרצע טוּמְאָה ...
דאָרטען רוהט די סִטְרָא אַחֲרָא, —
היט אונז אָב, געטרײַער פאָטער,

פוּן אִיהר מאַכט און פוּן אִיהר שְׁלִיטָה !...
אִין אַ קַיילעֶכדִיגעֶן חֶדֶר
וואָס ווייַזט אויס'עֶט ווִי אַ קעֶסעֶל
(רונד אַרום — בַּיי טויזעֶנד מייַלעֶן)
זִיצט דעֶר מֶלֶךְ פוּן דִי שֵׁדִים,
פוּן דִי לֵצִים, מְקַטְרְגִים,
זִיצט דעֶר אַלטעֶר אשמדאי...
אָנצוּקוּקעֶן אִיז אַ פַּחַד
אויף זַיין גוּף און אויף זַיין פָּנִים!
אויף צוויי קורצעֶ הִינעֶר-פִיסלעֶךְ
האַלט זִיךְ אויף אַ גוּף אַ גרויסעֶר
אָהן אַ האַלז און אָהן אַנ'אַקעֶן.
עֶס בעֶשטעֶהט דעֶר גוּף אִינגאַנצעֶן
פוּן אַ פעֶטעֶן בּויךְ אַ דִיקעֶן
(ווִי בַּיי אונזעֶר בַּעל-קאָראָבקעֶ...)
מִיט אַיין עֶק פוּן הונדעֶרט אֵיילעֶן.
אויפ'ן בּויךְ אַ קאָפּ — אַ קִירבּעֶס.
אָהן אַ זֵכֶר בּאָרד און פֵּאוֹת,
מִיט משונה-גרויסעֶ העֶרנעֶר:
לאַנגעֶ, שפִּיצִיגעֶ, פעֶרדרעֶהטעֶ,
און אויף זֵיי, אָנשטאָט אַ שטרייַמעֶל,
לִיעגט אַ קרוין פוּן בֵּייזעֶ שלאַנגעֶן.
און דִי אויגעֶן — ווִי צוויי פלאַמעֶן.
קאַלטעֶ, טויטעֶ. גרִינעֶ פלאַמעֶן,
גרִינעֶ פלאַמעֶן — עֶכטעֶ שוועֶבעֶל.
און דאָס מויל — אַ תְּהוֹם אַ שוואַרצעֶר,
מִיט צוויי לאַנגעֶ שאַרפעֶ צֵייהנעֶר,
צֵייהנעֶר פוּן אַ ווִילדעֶן חֲזִיר;
פוּן דִי נעֶזלִיכעֶר דִי בּרֵייטעֶ
שלאָגט אַ רויךְ און פלִיהעֶן פונקעֶן.
לאַנגעֶ העֶנד, און אָנשטאָט פִינגעֶר —

גרויסע, שוואַרצע, ווילדע נעגעל.
שפּיציג־שאַרפע, שדים-נעגעל.
גרויסע פליגלען, ברייטע שוואַרצע,
אויסגעוועבט פון עכטען חושך.
און דער גוף פון אַשמדאי
איז בעוואַקסען גאָר אין גאַנצען,
ניט מיט האָהר, — מיט דינע ריטער,
ריטער אַייזערנע׳ פון גיהנום...
און דער אַלטער שר-הטומאה
זיצט אין מיטען גרויסען חדר,
זיצט זיך ברייט און אָנגעלעהענט
אויף אַ הסב-בעט פון ביינער
ביי אַ טיש פון טהרה־ברעטער.
ביי זיין רעכטער האַנד — דער עגל,
יענער קאַלב פון ריינעם גין־גאָלד,
דער, צו וועלכען אין דער מדבר
האָבען זיך געבוקט די יודען.
ביי זיין לינקער האַנד — דער נחש,
די פערפלוכטע שלאַנג די קלוגע,
וועלכע האָט די באָבע חוה
אַיינגערעדט אָן גאָט צו פעלשען
און פערזוכען פון דעם עפּעל
פון דעם פערווערטען עץ־הדעת,
הינטער זיי אין גרויסען חדר
מאָלען זיך ווי שוואַכע שאָטענס
פלעדער־מייז און מיני ברואים
גרויסע עקדעשען און שפּינען —
יענע שפּינען די פערפלוכטע,
יענע בייזע פייער-טרעגער,
וועלכע האָבען פיעל געהאָלפען
צו דעם חורבן בית המקדש.

אויפ'ן טיש בײַ'ם אַשמדאי
שטעהט דער קאַלך־אײיוועֶן דער גרויסער,
וואו עס זענען אויסגעשטאַנען
פּרובענישען פּועל אין פײַער
אונזער עלטער-זײדע אַבְרָם
און די הײליגע נְבִיאִים
די אַמאָליגע: חֲנַנְיָה
און מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה.
און דער קאַלך־אײיוועֶן דער גרויסער —
ער איז פול מיט פּעך און שוועבעל,
זודיג הײסע פּעך און שוועבעל...
און דער אַלטער שַׂר-הַטוּמְאָה
שעפּט אָן נִמְרוֹד'ס כּוס דעם גרויסען
פול מיט ברענענדיגע מַשְׁקֶה,
פּרעפּעלט אויס דאָס וואָרט „לַמָּוֶת!“
צו דעם עגל און צום נָחָשׁ,
און טרינקט אויס די פּעך און שוועבעל.
אַזוי זיצט דער אַשמדאי
פון פריה-מאָרגען ביז'ן אָוענד
אין זײַן גרויסען קעסעל־טורם,
וואו עס הערשט אַ טוידט־גרין לײַכטונג,
וואָס עס שטראַהלט פון זײַנע אויגען,
וועלכע לויכטען אין דער פינסטער,
ווי עס לויכטען שוועבעל-ווערים
ענדע זומער אין די פעלדער.
און די טויטע גרינע לײַכטונג
וואַרפט אַנ'אֵימָה'דיגעס אויסזעהן
אויף די חַיוֹת, אויף די ברואים
וואָס געפינען זיך אין טורם.
אַז די זון פערגעהט אין מַעֲרִיב
אַז עס קומט אָן בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת.

הויבּט זיך אויף דער אַשמדאי ,
נעהמט אין האַנד די האָלאָוועשקע ,
די , מיט וועלכער אונזער צורר ,
אונזער גזלן , רשע-טיטוס
האָט געטהון דעם בּית המקדש
אונטערצינדען און פערבּרענען ,
גיט אַ בּלאָז און גיט אַ פּרעפּעל ,
און די שוואַרצע האָלאָוועשקע
הויבּט אָן פלאַקערן און בּרענען
מיט דעם זעלבּען רויטען פייער ,
וואָס עס בּרענט אין טיעפען גיהנום
אונטער יענע גרויסע קעסלען ,
וואו עס קאָכען זיך משׂכּילים ...
און די וועגד פון קעסעל-טורם
און די חיות און די בּרואים
און אַליין דער אַשמדאי
הויבּען אַלע אָן צו בּרענען
מיט אַ בּלוטיג-רויטען פייער .
ס'ווערען רויט אַזוי ווי פּורפּור
אַלע האָהר פון אייזען-ריטער
אויף דעם גוף פון אַשמדאי .
רויט ווי צונטער ווערט דער עגל ,
רויט ווי צונטער ווערט דער נחש
און די עקדעשען און שפּינען .
אָט קומט אָן די צייט פון מעריב ,
און דער אַלטער אַשמדאי
לאָזט פונאַנדער זיינע פליגלען —
זיינע שוואַרצע גרויסע פליגלען ,
און הויבּט אָן די וועלט בּעדעקען
מיט אַ חושך ואפלה ...
אַז ס'וועט קומען חצות הלילה ,

אַז דיִ העֶהנעֶר וועֶלעֶן קריִיהעֶן ,
וועֶלעֶן קומעֶן זיִך צופליִהעֶן
שֵׁדים , לֵצים און מַזיִקים ,
יֵצֶר-הָרַע'ס , מְקַטְרְגִים ,
רוחות, לעֶנטעֶכעֶר , קונדֵסים ,
אָבצוגעֶבעֶן דין וְחֶשְׁבּוֹן
זייִעֶר העֶרשעֶר אַשמדאי ...

---

גאָט אַלמעֶכטיִגעֶר , געֶטרייַעֶר !
האָב רַחֲמָנות און בּעֶשיִץ אונז ,
דייַנעֶ בּליִנדעֶ , שוואַכעֶ קיִנדעֶר ,
פון דיִ נעֶצעֶן פון דעֶר טוּמְאָה ! !

~~~

## ב.

## דֶער אַשְׁמְדַאי און, לְהַבְדִיל, מַלְאַךְ מִיכָאֵל.

מיִט אַמאָל — אַ קלאַפּ אַשטיִלעֶר
לאָזט איִן מִזְרָח-וואַנד זיִך העֶרעֶן ,
גיִט אַ קלאַפּ — אַ דְמָמָה דַקָה
(וויִ עֶס קלאַפּט בּייַם גְבִיר צו סְלִיחות
מיִט איין אָבשייַ אונזעֶר שַׁמָשׁ)
און איִן בּלוטיִג-רויטעֶר לייַכטונג
שנייַדט זיִך דורך אַ שטראַהל אַ קלאָרעֶר ,
וויִ אַ שטראַהל פון דעֶם גַן-עֵדֶן .
און דעֶר אַלטעֶר אַשמדאי
גיִט אַ קנייִטש זייַן קופּעֶר-שטעֶרעֶן ,
גיִט אַ בּליִק מיִט הייִלעֶ פונקעֶן ,
גיִט אַ ציִהָ איִן זיִך דעֶם רוח —
~~~

און דערקענט דעם גאַסט וואָס קלאַפּט זיך.
ער צולאַכט זיך זעהר קאָנטעט
און שרייט אויס (אַ קול — אַ דונער):
„בָּרוּךְ הַבָּא, בָּרוּךְ הַבָּא,
לאַנג, מיין פריינד, דיך ניט געזעהען!
קום אַריין צו מיר אין טורם!".
אין דעם גרויסען טוּמְאָה-פּאַלאַץ
פליהט אַריין — ווער ווייסט פון וואַנען! —
אַיינגעוויקעלט אין אַ טַלִית,
אויסגעוועבט פון הײַלע שטראַהלען,
פליהט אַריין אַן׳אַלטער מַלְאָךְ
ווי אַ צעדער-בוים אַ הויכער;
גרויסע פליגלען, הימעל-בלאָע,
ווייסע זײַדענע בְּגָדִים,
אויף די פּלייצעס אַיין עֲטָרָה,
אויסגעוועבט פון הײַלע גין-גאָלד,
און די אויגען ווי צוויי שטערען,
וועלכע לויכטען שטיל מיט רַחֲמִים
פון דער הויך דורך זיבען הימלען.
דאָס איז ניט קיין פּראָסטער מַלְאָךְ,
נור דער עלטסטער פון גַן-עֵדֶן
און ער הייסט אויף אונזער לָשׁוֹן
(אַזוי דוכט זיך מיר) מִיכָאֵל.
ווי ער איז אַריין אין טורם,
שוועבט ער אום אַ הֶרֶף עַיִן,
ער פערוויקעלט זיך אין גאַנצען
אין אַ לײַכטען, קלאָרען וואָלקען,
אַז די טוּמְאָה זאָל ניט צושטעהן
צו די הײַליגע בְּגָדִים.
ער בלייבט שטעהן ניט ווייט פון אַלטען
און רעדט אויס גאַנץ שטיל מיט תְּמִימוּת:

—פראָסטע ברואים, דאָס הייסט מענשען
מיינען, אַז מיר זענען שׂוֹנְאִים,
שׂוֹנְאִים בלוטיגע און ווילדע,
ווייל מיר שטרייטען מיט אײנאַנדער.
זיי פערשטעהען ניט, די טִפְּשִׁים,
אַז מיר זענען מְשׁוּלָּחִים,
פראָסטע קנעכט און טרייע דינער
און מיר טהוען, וואָס עס הייסט אונז
אונזער בּוֹרֵא כִּבְיָכוֹל.
אָט בּין איך צו דיר געקומען
ווי אַ גאַסט און ווי אַ חָבֵר,
דורכצושמועסען זיך אַ ביסעל
וועגען וועלטליכע עִנְיָנִים,
וועגען הימלישע מַדְרֵגוֹת,
וועגען גיהנום און גַּן־עֵדֶן.
— אֱמֶת! אֱמֶת, שַׂר מִיכָאֵל!
רופט זיך אָב דער אַשמדאי:
איך בּין גערן דיך צו זעהען!
זעץ זיך צו, מיין פריינד, זיי מוֹחֵל
און פון וועגע — ניט לאָז זיך בּעטען —
מאַך אַ שנעפּסיל — פּעך און שוועבעל!
— חע, אַ שנעפּסיל, ניט קיין עָרְלָה!
ענטפערט שמייכלענדיג מִיכָאֵל —
איך וועל זאָגען דיר דעם אֱמֶת:
שוין ווי גאַל האָט מיר דערעסען
אונזער מַשְׁקֶה פון גַן־עֵדֶן,
אונזער יַין הַמְּשׁוּמָּר, —
ניט קיין טַעַם און ניט קיין רֵיחַ...
צו דערקוויקען זיך אַ ביסעל,
וועל איך זעהר גערן נעהמען
אַ טרונק זודיג פּעך און שוועבעל!

און דער אַלטער שַׂר־הַטוּמְאָה
שעפּט פון אֵייוועֶן אָן אַ בּעֶכעֶר
און דעֶרלאַנגט זײַן גאַסט מיִט כָּבוד.
שַׂר מִיכָאֵל נעֶהמט דעֶם בּעֶכעֶר,
טוּליעֶט אַיין דעֶם קאָפּ אִין וואָלקעֶן,
מאַכט זיִךְ שטיִלעֶרהײַיד אַ בְּרָכָה,
שִׁיקט זי גיִךְ אַרוּיס פון טוּרם
פון דעֶר שְׁלִיטָה שֶׁל הַטוּמְאָה;
נאָכדעֶם טרִינקט עֶר אוּיס די כּוס׳עֶ
און פעֶרגלאָצט גאַנץ הויךְ די אויגעֶן,
גיִט אַ קנאַק מיִט בּײדעֶ פיִנגעֶר
און רעֶדט אוּיס מיִט גרוּיס הִתְלַהֲבוּת
— אַ, אַ מַשְׁקֶה! ... וואָס פאַר שׂוּעֶבעֶל!
וואָס פאַר פּעֶךְ! אַ טַעַם! אַ רֵיחַ!
עֶס צוגעֶהט אִין אַלעֶ אֵבָרִים!...
זאָג, אִיךְ בּעֶט דיִךְ, אשמדאי,
וואו בּעֶקומסטוּ אַזאַ מַשְׁקֶה?
— חעֶ, חעֶ, חעֶ! צוּלאַכט זיִךְ יעֶנעֶר:
האַ? אַ מַשְׁקֶה׳לעֶ? אַ טַעַם?
וואו אִיךְ נעֶהם עֶס? מײנסט, פון גֵיהִנוֹם?
האָסט אַ טָעוּת! אִיךְ בּעֶקוּם עֶס
טאַקעֶ נוּר פון סְדוֹם־עֲמוֹרָה.
מעֶהר ניִשט דאָרטעֶן קעֶן מעֶן קריִגעֶן
עֶכטעֶ, רײנעֶ פּעֶךְ און שוועֶבעֶל...
נאָךְ אַ כּוס׳עֶ, שַׂר מִיכָאֵל!

ס׳געֶהט פאַרבּײַ אַ היִבּשׂעֶ ווײַלעֶ
נוּר אִין דעֶם וואָס בּײדעֶ געֶגנעֶר,
שַׂר מִיכָאֵל און, לְהַבְדִיל,
דעֶר מְקַטְרֵג אשמדאי,
קוויִקעֶן זיִךְ מיִט פּעֶךְ און שׂוּעֶבעֶל.
נאָכדעֶם הויבּט מעֶן אָן צו שמוּעֶס׳ן.

— נו, און זאָגט מיר נור: וואָס הערט זיך
עפּעס נייעס אין איער שליטה,
אין דעם פרעהליכען גן-עדן?
פרעגט דער שוואַרצער בעל־הבית
ביי זיין גאַסט פון צווייטען עולם.
שׂר מיכאל שוייגט אַ ווײַלע,
גיט אַ זיפץ און זאָגט מיט טרויער:
— אַ-א! ניטאָ קיין נייעס קיין גוטע:
אין גן-עדן איז ניט פרעהליך...
— וואָס אַזוינס איז דאָרט געשעהען?
אין די אַלטע-אַלטע יאָהרען
פלעגט מען שטענדיג מיר דערצעהלען
פון גן-עדן נור נפלאות:
דאָרט איז ליכטיג, שען און פרעהליך
און עס זיצען זיך צדיקים
אויסגעצירטע, מיט עטרות
און אין גרויסע פיינע קרוינען
און זיי לערנען שטענדיג תורה,
און זיי זענען זיך מתענג
פון דעם ריינעם זיו השכינה...
— דאָס איז אַלץ אַמאָל געוועזען,
אין די אַלטע-אַלטע יאָהרען,
ענטפערט טרויעריג מיכאל:
אויס, ניטאָ שוין יענע צייטען!
דער אַמאָליגער גן-עדן
מיט זיין רוהה און מיט זיין שענקייט
איז פערגאַנגען, איז פערלאָרען!
נייע צייטען, נייע דורות
נייע מצות און עברות
נייע יודען, נייע חסידים...
שוער און ביטער איז צו ריידען,

צוּ דערצעהלען אַלע צָרוֹת,
צוּ ענטפּלעקען אַלע וואונדען...
בּײַ אַ רֶגַע שווײַגט דער מַלְאָךְ
אִין אַ טִיעפען-טִיעפען אומעט,
גִיט אַ זִיפץ — אַ קרעכץ אַ לאַנגען
און הוֹיבּט ווײַטער אָן דערצעהלען:
— יעדען טאָג — מען בּרִייִנגט מִיר יודען
פולע וועגענס מִיט חֲסִידִים,
מִיט רַבָּנִים און צַדִיקִים —.
אויסגעדאַרטע, אויסגעווִייִקטע,
געלזוכט, שווִינדזוכט און מִירִידען,
לאַנגע בּערד און לאַנגע פֵּאוֹת
און קאַפּאָטעס בִּיז דִי פּיאַטעס —
ווִי געהערִיג אַלע מַעֲלוֹת,
אָבּער מִיט אַ קלִייִן חִסָרוֹן:
אָט דִי אַלע פײַנע חֲסִידִים
אָט דִי כָּשֵׁר'ע צַדִיקִים,
דִי דַיָנִים און רַבָּנִים
האָבּען נִיט קִייִן האָהר, קִייִן נִצוֹץ
פון אַ יודִישער נְשָׁמָה...
דוּ נִיט מִייִן, זִיי זענען פּוֹשְׁעִים,
חַס וְשָׁלוֹם! — פײַנע יודען:
לערנען תּוֹרָה און קַבָּלָה
דאַוונען ערנסט מִיט הִתְלַהֲבוּת,
זאָגען „אָמֵן" בְּכָל כֹּחָם,
ווִייִקען שטענדִיג זִיךְ אִין מִקְוֶה,
הִיטען אַלע תּרי"ג מִצְוֹת —
אָבּער וואָס-זשע אִיז דִי פְּעוּלָה
פון דער תּוֹרָה און עֲבוֹדָה,
אַז דער גרונד פון זִיי אִיז מעהר נִישט
נור אַ פײַנער עוֹלָם-הַזֶה

און אַ ביסעל עולָם-הַבָּא ...
איך דערמאָהן מיך: די צַדיקים
פון אַמאָליגע יאָהרען —
פּראָסטע יודען, אָבער יודען,
ריינע הערצער, גרויסע הערצער!
יאָ, פון שפּאַניען, צי פון דייטשלאַנד
פלעגט מען ברינגען מיר נְשָמות,
קלאָרע ריינע ווי בריליאַנטען
אויסגעלייטערטע אין פייער,
אָט די דעמאָלדיגע חֲסידים
האָבען גוט געוואוסט דעם טַעם
פון אַ הייליג מְסירַת-נֶפֶש
פאַר פערוואָגעלטע און שוואַכע,
פאַר דעם אֱמֶת, פאַר דער קְהִלָה,
פאַר דעם גאַנצען כְּלַל יִשְׂרָאֵל!
און די היינטיגע צַדיקים
און די היינטיגע חֲסידים, —
ניט קיין פונק פון „וְאָהַבְתָּ",
ניט קיין זאָרג פאַר כְּלַל יִשְׂרָאֵל,
ניט קיין קרעכץ פון טיעפען הארצען
איבער גרויסע צָרות-רַבּים,
ניט קיין ברעקעל מְסירַת נֶפֶש...
אז די איצטיגע צַדיקים
קומען זיך צונויף צוזאַמען
דאָרט ביי מיר אין דעם גַן-עֵדן,
איז פון זיי ניט אויסצוהאַלטען.
יעדער האַלט זיך פאַר אַ גָדול,
יעדער מיינט, אז ער איז העכער
פרימער, הייליגער און קליגער
אײדער משֶה, אײדער אַהרֹן,
אײדער דָוד אָדער שְׁלֹמֹה.

אַלע בלאָזען זיך, ניט קאָנטעט
מיט די ערטער, מיט די קרוינען,
אַלע וואַרטען נור אויף כָּבוֹד,
שטענדיג טַענות צו דעם בּוֹרֵא
שטענדיג קליינינקע מַחֲלוקות
לְשוֹן-הָרָע און מִשְׁפָּטִים...
און דער מַלְאָך ווערט אַנשווינדען
און פערלירט צוויי הייסע טרעהרען
אויף די זיידענע בְּגָדִים.
און דער אַלטער אַשמדאי
זיצט זיך לאַנג, פערטראַכט, פערקומערט;
ער בעטראַכט דעם מַלְאָך'ס ווערטער,
נאָכדעם מיט אַ זיפץ אַ טיעפען
הויבט ער אָן אַליין צו רידען:
— נייע צייטען אין גַן-עֵדן,
שווערע צייטען, שלעכטע צייטען!
נור ניט מיין, אַז אין דעם גיהנום
געהען בעסער די געשעפטען...
אַח! ביי מיר איז אויך ניט רוהיג,
אויך פאַרהאַן גאָר נייע צָרות...
אין אַמאָליגע אַלטע יאָהרען
איז דער גֵיהִנוֹם געוועזען
גלייך ווי איצטער פול מיט חוטאים;
אָבער קען מען דען פערגלייכען
די אַמאָלעדיגע זינדער
מיט די היינטיגע הולטאַיעס,
עַזוּת-פָּנִים'ער און מורדים?
זאָגסט, מיכָאֵל, — אין גַן-עֵדן
זענען ווענינ עכטע יודען.
און אין גֵיהִנוֹם, אַ שטייגער?
אויך די זעלביגע מַגֵפָה!

אַח! וואו זענען יענע צײַטען
אַז מען פלעגט מיר ברײנגען יורען,
שענע יורען, פײַנע יורען
מיט גאַנץ קלײנינקע עבֵרות:
אַ מַחֲשָׁבָה ... אַ פערפעהלטעם
וואָרט אין מַחֲזוֹר, אין דעם פּיוּט ...
ניט געוואַשען זיך בְּנוּסְחָא,
אָבגעזאָגט אַ קלײנעם ליגען
צי געטוידט אַ פליי אום שַׁבָּת ...
קלײנע, כָּשֵׁר׳ע עבֵרות! —
מיט אַזעלכע מינֵי זינדער
איז געווען אַ גרויסער תַּענוּג:
אַלע ליעב געהאַט יִסוּרִים,
און גערופען זיי „שֶׁל אַהֲבָה“,
שטיל געלעגען זיך אין קעסעל,
שטיל געבראָטען זיך אין אײיווען,
שטיל געלעגען אויפ׳ן בײנקעל
און, בעקומענדיג די ריטער,
ניט געוויינט און ניט געשריען,
נור געזאָגט זיך שטיל בִּנְעִימוּת
אַ קאַפּיטעלע פון תְּהִלִּים.
איצטער, איצטער איז גאָר אַנדערש,
איצטער ברײנגט מען מיר גְלוּחִים,
גרויסע חוטאִים, אַפּיקורסים,
וועסט אויף זיי קיינמאָל ניט זאָגען,
אַז זיי זענען בְּנֵי יהודים.
און הי חוצְפָּה, און די עַזוּת!
מאַכען גוואַלדען, שרײַען קולות,
שלאָגען זיך מיט מײַנע שֵׁדים,
קיינער וויל ניט קיין יִסוּרִים,
קיינער וויל ניט געהן אין קעסעל,

קיינער וויל זיך מעהר ניט בראָטען!
און ווער רעדט שוין וועגען ריטער!
„ריטער, זאָגען זיי מיט עזות,
איז פאַר אונז די גרעסטע בושה".
און זיי לאָזען זיך ניט שמייסען!!!
איין מאָל האָט מען יאָ געשמיעסען
וואָלסטו זעהען די מהומה,
וואָלסטו הערען דעם געפּילדער,
וואָס עס איז דערביי געוואָרען
אין דעם גיהנום, אין די קעסלען
און דערנאָך — בעטראַכט די חוצפּה! —
האָבען זיי דעם שד דעם עלטסטען
שיער די הערנער ניט צובראָכען!
שרעקליך! ביטער! שר מיכאל!
וואָס וועט ווערען פון דעם גיהנום
אויב אַזוי וועט זיין אויך ווייטער?!...

---

און די ביידע אַלטע הערשער
פון גן-עדן און פון גיהנום
זיצען שטיל אין טיעפען טרויער.
ביידע טראַכטען, ביידע זיפצען,
ביידע בענקען נאָך די צייטען,
וועלכע זענען שוין פערגאַנגען...

## ג.

## דער מלאך המות און דער מלאך דומה.

מיט אַמאָל אַ שטאַרקער דונער
גיט אַ קלאַפּ אין מיטען ביידעם

און זאָגט אָן דעם אַשמדאי,
אַז ס'איז נאָהענט חֲצוֹת הַלַיְלָה.
עס שטעהט אויף געשווינד מִיכָאֵל
און נעהמט אָבשייד פון זיין חַבֵר,
לעגט צונויף די גרויסע פליגלען,
ציהט זיך אויס אין דינע שטראַהלען
און עס דויערט ניט קיין רֶגַע
ווי דער מַלְאָך ווערט פערשוואונדען..
שַׂר הַטוּמְאָה, אַשמדאי
הויבט זיך אויף פון זיין הֶסֶבָּה
און רופט אויס מיט ווילדע קולות:
— שֵׁדִים! לֵצִים! מְקַטְרְגִים!
ווילדע קליפּה'ס און מַזִיקִים!
אַלע קינדער פון דער טומאָה!
שטילע רוחות, בייזע רוחות
פון דעם יַם און פון יַבָּשָׁה,
פון די הויכע בערג און טהאָלען,
פון די פעלדער, פון די וועלדער,
פון בֵּית-עָלמין'ס און פון חורבות
און פון גרויסע טיעפע זומפען.
לעגטעבער פון שטעדט און דערפער
שרעטעלעך פון אונטער-איווענס
און קונדֵסים פון די ביידעמס,
מְקַטְרְגִים, יֵצֶר-הָרָע'ס
פון דער ליטאָ און פון פּוילען,
פון בערלין און פון אָדעסאַ,
און פון ווילנא, און פון וואַרשוי,
און פון יודישע קליין-שטעדטליך —
אַלע, אַלע קומט צו פליהען!
רויך און שטויב און שטורם-ווינדען
זאָלען אייער וועג פערקעהרען,

הינד און וועלף און וואולקולאַקעֶם
זאָלען אַייער קול פערבּילען,
העֶהנער זאָלען עם פערקריִיען!
קומט ציפליהען! קומט צופליהען
אָבצוגעבּען דין וְחֶשְׁבּוֹן
אַייער מוֹשֵׁל אַשמדאי!
קומט צופליהען! חֲצוֹת הַלַיְלָה!
עם געהט דורך אַ הֶרֶף עַיִן
און אַרום דעם שוואַרצען טורם
וועֶרט אַ שרעקליכער געֶרודער,
אין אַ שטורם-ווינד אַ שטאַרקען,
וועלכער רייסט און פייפט מיט צאָרן.
דרעהט זיך אום מיט אַ געפּילדער
מיט אַ רַעַש, מיט אַ שטורם,
דרעהט זיך אום אַ מַחֲנֶה שֵׁדים:
גרויסע, קליינע, דאַרע, דיקע.
אַלע וואַרפען זיך מיט אימפעט,
פליהען, דרעהען זיך און שפּרינגען
לויפען, קולען זיך און טאַנצען,
טאַנצען ווילדע קאַראַהאָדען,
מאַכען שרעקליכע הָעֲוָיוֹת,
קוויטשען, בּילען, קרייען, שרייען,
זינגען הויך פערשייטע ליעדער,
ריידען נִבוּל-פֶּה אָהן בּוּשָׁה.
הונדערט טויזענד ווילדע קוֹלוֹת,
הונדערט טויזענד ווילדע תּנוּעוֹת
אין אַ שטורם פון געלעכטער...
גאַנץ בּעזונדער פון דער מַחֲנֶה
אָן אַ זייט, בּיים וואַנד פון טורם
שטעהען ערנסט צוויי מַלְאָכִים.
איינער איז — מַלְאַךְ הַמָוֶת,

און דער צווייטער — מַלְאָך דוּמָה,
בּיידע ווייזען אויס גאָר אַנדערש
ווי געוועהנליכע מַלְאָכִים,
שרעקליך איז דער שַׂר הַמָוֶת!
ווי פון אייזען אויסגעגאָסען
איז זיין גאַנצער גוף דער שטאַרקער
אַלע אֵבָרים שאַרף און שפּיציג,
מיט אַ שפּיץ אַרויף דער שאַרבען,
שפּיציג שאַרף די נאָז די דינע,
גלייך ווי מעסערס ביידע באַקען
און די פּלייצעס און די קנעכליך —
דינע, שפּיציגע ווי שפּיזען,
אויף די פּלייצעס — אַ פּאָר פליגלען,
שוואַרצע, ווי פון שטאָל געשמידטע,
קליינע, שאַרפע און פערדרעהטע
ווי אַ טערקישע פּאָר שווערדען;
אין דעם גוף איז טויזענד אויגען,
און זיי בּלאַנקען אין דער פינסטער
ווי עס בּלאַנקט אַ שאַרפער חַלָף,
טויזענד אויגען אָהן רַחֲמָנוּת,
און זיי שטעכען, און זיי שניידען,
און זיי גליווערן די דָמִים,
און זיי ווערגען דעם געדאַנקען,
און זיי מאַכען איז פון אָטהעם,
און זיי רויבען אַלע חוּשִׁים,
און זיי שרייען שטום אָהן ווערטער:
„אַלע האָפענונג פערלאָרען,
שטאַרבען מוז דאָס אַלץ, וואָס אָטהעמט".
טויזענד אויגען — טויזענד מיתות!
אין דער רעכטער האַנד ביים מַלְאָך
אין די שפּיציג שאַרפע נעגעל

איז פערדריקט אַ גרויסער חַלף
אָהן אַ פְּגִימֶה'לע, אַ שארפער ;
אויף דעם רעכטען שפּיץ פון חַלף,
הייננט אַראָב אַ גרויסער טראָפּען
ניט פון גאַל — פון סַם הַמָוֶת !
אין דער לינקער האַנד אַ סֵפֶר,
וועלכער רופט זיך „מֵעֵבֶר יַבּוק" .
גאָר איין אַנדער פַּרְצוּף פָּנִים
האָט זיין חָבֵר, דער בַּעַל כַּעַסָן,
וועלכער רופט זיך מַלְאָך דוּמָה .
ער איז הויך און שרעקליך מאָגער
און זיין גוף איז אויסגעצויגען
אַקוראַט ווי אַ שַלְשֶלֶת,
ווי אַ דינגע שלאַנג אַ בייזע .
ניט קיין פָּנִים, נור אַ שנאָבעל,
אי אַ לאַנגער, אי אַ שאַרפער
ווי אַ שנאָבעל פון אַנ'אָדלער .
אויפ'ן רעכטען מיטען שטערען,
ווי אַ גרויסער שוואַרצער איילבערט
בלאַנקט אַ ווילדעם אויג אַ בייזעם ;
אָנשטאָט הענד — צוויי שאַרפע שווערדען,
די, מיט וועלכע מַלְאָך דוּמָה
פאַלמעסט יענע שטומע מֵתִים,
וועלכע האָבען קיין זִכָּרוֹן ,
וועלכע האָבען זיך פערגעסען
פון גרויס פַּחַד פאַר דעם מַלְאָך
זייער נאָמען, זייער פָּסוּק,
וועלכע האָבען ניט קיין ענטפער
אויף דער שַאֲלָה : מַה שְמֶךָ ?
בּיידע שרעקליכע מַלְאָכִים
זענען פריינד פון לאַנגע צייטען ;

אַז זײַ קומען זיך צוזאַמען,
זענען בײדע זעהר גערען.
דאָ אין הויף בײַם אַשמדאי
שטעהען בײדע גאַנץ בעזונדער
און זײַ שמועס'ן שׂיחת חולין...
מיט אַ שמײכעל מיט אַ קאַלטען
רעדט מען זיך וועגען דאָקטוירים,
וועגען פרעפלער און ציגײַנער,
וועגען מתים, חברה־קדישא
און תּכריכים און בית עלמין'ס.
— זאָג מיר נור, מײַן שׂר המות,
איך האָב לאַנג געוואָלט דיך פרעגען, —
רופט זיך אָב דער מלאך דומה —
זאָג, מיט וואָס פאַר אַ כּלי־זין
טוידטסטו לעבעדיגע מענשען?
האָסט אין האַנד אַ גרויסען חלף
און אַ טראָפּען סם המות —
סם'סט דו מענשען, צי דו קוילעסט?
אָדער שלעפּסט אַרויס דעם נפש
(ווי עס שטעהט אין דער גמרא)
פון דעם מויל און פון די נירען
ווי אַ האָהר פון מילך בײַם צדיק,
ווי אַ שטריק פון פּעך בײַם רשע?
זאָג, איך בעט דיך, שׂר המות,
איך בין גערען דאָס צו וויסען.
— ניין, איך שלעפּ ניט קײן נשמות
ניט פון מויל, ניט פון די נירען, —
ענטפערט קאַלט דער שׂר המות, —
ניט איך קוילע מיט מײַן חלף
ניט איך טוידט מיט סם המות...
און דעם חלף און דעם טראָפּען

טראָג איך מעהר נישט ווי אַ סימָן,
אַז איך בין דער שַׂר הַמָוֶת.
— היינט מיט וואָס-זשע מאַכסטו מֵתים
פון די לעבעדיגע מענשען?
פרעגט פערוואונדערט מַלאָך דוּמָה.
— מיט דעם בליק פון מיינע אויגען,—
ענטפערט איהם דער שַׂר הַמָוֶת —
קליינע ברואים, דאָס הייסט — מענשען
קענען ניט אַריבערטראָגען
טויזענד קאַלטע שאַרפע בליקען,
זיי האַפּט אָן אַן אֵימַת מָוֶת
און זיי שטאַרבען נור פאַר פַּחַד
פון דעם בליק פון מיינע אויגען.
זעהר זעלטען, נור עס טרעפט זיך
צווי צי דריי אין אַ יאָהר-הונדערט —
דאָס איז מענשען, דאָס איז הערצער!
גלייך געקוקט מיר אין די אויגען
אָהן אַ פַּחַד, אָהן אַ טרייסעל,
רוהיג, טיעף און מיט אַ שמייכעל.
וועסט מיר גלויבען? שטילע בליקען
פון אַזעלכע מִינֵי מענשען
מאַכען אָבהענדיג מיך שטענדיג,
איך פערליער מיין מוטה אין גאַנצען,
לאָז אַראָב די טויזענד אויגען
און (וועסט לאַכען) מיט איין אָבשיי,
ווי פערשעמט, צי ווי דערשראָקען,
פליה איך מיר אַוועק פון דאָרטען.
— בלייבען יענע מענשען לעבען?
פרעגט ערשטוינט דער מַלאָך דוּמָה.
— ניין! אויף צְלָמִים און אויף תְּלִיוֹת
און מיט קוילען און מיט שווערדען

און דורך אַנדערע יְסוּרִים
ווערען זײַ געטוידט פון מענשען
און עס טרעפט זיך גאָר ניט זעלטען —
פון די אייגענע תַּלמִידִים!
מענשען! מענשען! בַּעֲלֵי רַחֲמִים!
רעדט אַרוים דער שַׂר הַמָּוֶת
און שיסט אוים מיט אַ געלעכטער...
— איך וועל זאָגען דיר דעם אֶמת,
רופט זיך אָב דער מלאך דומה,
איך בין זעהר דיר מְקַנֵא:
דײַן מְלָאכָה איז אַ הויכע
און אַ אֵיידעלע, אַ שענע
און זי האָט אַ טיעפען טַעַם.
שטענדיג שטעהסטו אויף דער גרעניץ
פון דעם לעבען און דעם שטאַרבען
און דער סוד פון אַלע סודות
איז פאַר דײַנע אויגען אָפען.
לעבעדיגע זעהסטו מענשען
און דו האָסט אין האַנד נְשָׁמוֹת,
פרישע, וואַרימע נְשָׁמוֹת,
וועלכע האָבען ניט פערלאָרען
ניט די חוּשִׁים, ניט די טֶבַע'ס
פון די לעבעדיגע מענשען.
נו, און איך — איך זעה נור מֵתִים
קאַלטע מֵתִים אין תַּכְרִיכִים,
קאַלטע קְבָרִים, קאַלטע שטיינער...
— זײַ, מײַן פרײַנד, מיר ניט מְקַנֵא,
ענטפערט איהם דער שַׂר הַמָּוֶת:
קאַלטע מֵתִים אין די קְבָרִים
זענען, זאָג איך דיר, פיעל שענער
אֵיידער לעבעדיגע מענשען.

וועֶלכעֶ גריַיטעֶן זיךְ צום חֶשְׁבּון
פאַר דעֶם בּורֵא כַּבְיָכול .
וואָלסט נור זעֶהעֶן, וויַ מעֶן ציַטעֶרט,
וויַ מעֶן וויַינט, און וויַ מעֶן בּעֶט זיךְ,
וויַ מעֶן חאַפּט זיךְ פאַר רפואות,
און פאַר כּשוף און פאַר צְדָקָה,
וויַ מעֶן טשעֶפּעֶט זיךְ, מעֶן האַלט זיךְ
מיִט אַ שרעֶק און מיִט איין איִמפּעֶט
פאַר דעֶם קראַנקעֶן שטיִקעֶל לעֶבּעֶן !
אַז אַ מעֶנשעֶל וויִל ניִט שטאַרבּעֶן,
אַז דאָס לעֶבּעֶן איִז איִהם טַייעֶר . —
ווּעֶסט דו דאָךְ אַוַדאַי מיַינעֶן
אַז עֶר טהוט, וואָס איִז נור מעֶגליךְ
עֶס צו היִטעֶן און פּעֶרלעֶנגעֶרן ?
יועֶסטו דאָךְ אַוַדאַי מיַינעֶן
אַז דאָס וואָרט „אַ מעֶנשעֶנ'ס לעֶבּעֶן"
איִז בּיַי מעֶנשעֶן זעֶהר היַיליִג ?
אויבּ דו ווּעֶסט זיךְ אַזוי קלעֶרעֶן,
ווּעֶסט אַ גרויסעֶן טָעות האָבּעֶן ;
ווּעֶסט בֶּאֶמֶת ניִט געֶפיִנעֶן,
אַזאַ סחורָה, אַזאַ ווּעֶזעֶן,
וואָס זאָל ווּעֶלוועֶלעֶר זיךְ שעֶצעֶן
וויַ אַ לעֶבּעֶן פון אַ מעֶנשעֶן !
מיךְ נעֶהמט אָן אַ בּיַיז געֶלעֶכטעֶר,
אַז איךְ העֶר וויַ מעֶנשעֶן שריַיעֶן
בּיַי אַ מִטָה, בּיַי אַ קֶבֶר,
אַז איִן אַלץ בּיִן איךְ נור שולדיִג .
טִפְּשים , בְּהֵמות און רַמָאים !
זעֶנעֶן זיַי דעֶן בּליִנד, דיַ מעֶנשעֶן,
זעֶהעֶן זיַי דעֶן ניִט, דיַ שוויִנדלעֶר,
אַז בּיַי מיִר איִז נור אַ חַלֶף

מיִט אַ טראָפּעֶן סַם הַמָוֶת,
און בּיַי זיִי איִז דאָ האַרמאַטעֶן,
בּאָמבּעֶס, בּיִקסעֶן, שאַרפעֶ שפּיִזעֶן,
שווערדעֶן, תְּלִיוֹת, גיִליאָטיִנעֶס
מעֶליִניִט און „דום-דום" קוילעֶן,
סְקִילָה, שְׂרֵפָה, הֶרֶג, חֶנֶק,
אַלעֶ אַרבּע מיתוֹת בֵית-דִין
און דעֶרצוּ נאָך אַלעֶ מִינִים
פון די „אֵיידעֶלעֶ" יְסוּרִים,
וועֶלכעֶ ציִהעֶן די נְשָׁמָה
ניִט פון מויל — פון אַלעֶ ניִרעֶן...
גיִבּ אַ בּליִק בּיַי'ם „טעֶרק" אִין תְּפִיסָה
וועֶסט דוּ העֶרעֶן מִינִי קרעֶכצעֶן
פון אַכְזָרִיוּת'עֶ יְסוּרִים,
וועֶסט דוּ זעֶהעֶן, וואָס עֶס טהוּעֶן
בְּנֵי רַחֲמָנִים מיִט אַ מעֶנשעֶן!...
דוּ געֶדעֶנקסט דאָך מִן-הַסְתָּם
וואָס די היִליִגעֶ גְמָרָא
זאָגט מִכֹּח עַיִן-הָרָע?
אַז פון יעֶדעֶ צעֶהן חוֹלָאִים
שטאַרבּעֶן ניַין פון עַיִן-הָרָע.
און דאָס איִז אַ ריִינעֶר אֱמֶת.
עַיִן-הָרָע — בּייִזעֶ אויגעֶן,
זעֶנעֶן שפּיִגלעֶן פון מַחֲשָׁבוֹת,
פון מַחֲשָׁבוֹת — וועֶרעֶן מַעֲשִׂים.
בּייִזעֶ אויגעֶן — זעֶנעֶן עֵדוּת
וועֶגעֶן עַוְלוֹת און אַכְזָרִיוּת,
וועֶגעֶן גְזֵלוֹת און רְצִיחוֹת.
בּייִזעֶ אויגעֶן טוידטעֶן, סַם'עֶן,
צאַפּעֶן בּלוּט פון טיִעפעֶן האַרצעֶן,
זויגעֶן מאַרך פון אַלעֶ בּייִנעֶר...

ווען מען נאַרען זייַ, די מענשען
די אַכְזָרִים, די רַמָאִים,
אַז זיי קלאָגען זיך און טַעֲנֶה'ן,
אַז זיי שרייַען פרומע ווערטער
וועגען שָׁלום, וועגען אַחְדוּת,
וועגען ליעבע און רַחֲמָנוּת?...
אַזוי רעדט דער שַׂר הַמָוֶת
מיט אַ קאַלטען האַס אָהן כַּעַס.
און דער בייזער מַלְאָךְ דוּמָה,
אָנגעשטעלט דעם לאַנגען שנאָבעל,
הערט איהם צו מיט גרויס כַּוָנָה,
ביי אַ ווייַלע שווייַגען ביידע.
— נו, און וואָס ווערסט דו מיר זאָגען?
פרעגט דערנאָך דער שַׂר הַמָוֶת
ביי זיין אַלטען פרייַנד און חָבֵר.
— איך?... ביי מיר ניטאָ קיין נייַעס.
אַלץ איז שטיל אויף די בֵית-עָלְמִינ'ס
אויך גאַנץ רוהיג אין די קְבָרִים.
עס פערשטעהט זיך — אין די אַלטע,
וואו עס ליגען שטילע מֵתִים,
פייַנע מֵתִים, האַלב צופוילטע.
נו, און נייַע פרישע מֵתִים, —
די פערשאַפען מיר יִסוּרִים,
בריינגען מיך אין ווילדען כַּעַס.
— וואָס אַזוינס? פרעגט שַׂר הַמָוֶת.
— נו, בערעכען זיך, אַ שטייגער,
אָט. איך קום זיך אין אַ קֶבֶר
צו אַ מֵת אַ שפּאָגעל-נייַעם
און געפין איהם, ווי געוועהנליך,
אייַנגעשלאָפען שטאַרק און רוהיג:
מיעד פון וועג, פון דער לְוָיָה.

ס'איז ניט גרינג איהם אויפצוועקען;
נור מיט א געשריי א שטארקען,
מיט'ן קייט א שמיץ דערצו נאך
וועק איך אויף מיין גאסט דעם נייעם
און איך פרעג איהם: „מה שמך?"
נו, איך רייד שוין ניט פון יענע,
וועלכע האבען ניט קיין ענטפער
אויף אזא מין פראסטע שאלה,
וועלכע האבען קיין זכרון
צו געדענקען ווי מען רופט זיי,
פאר אזעלכע מיני ברואים
אהן א נאמען, אהן א שארית
איז ביי מיר א גיכער משפט:
גלייך געפאלמעסט אויף צוויי שטיקער
און געשיקט אין כף הקלע.
נור די יענע, וועלכע האבען
נאך א שטיקעלע זכרון,
וועלכע שטאמלען מיט אנ'ענטפער,
זענען שטענדיג גרויסע טפשים —
אויף מיין שאלה „מה שמך?"
גיט מען מיר אזא מין ענטפער:
חיים, ברוך, יעקב, העניך,
ציריל, חנה, ביילע, דוואשע,
און אנ'אנדערם מאל נאך בעסער:
חיים-ברוך-יעקב-העניכם
ציריל-חנה-ביילע-דוואשעם.
און צום צווייטען מאל מיין שאלה
שריי איך אוים מיט א גרויסען כעס,
און די ברואים טענה'ן ווידער:
גבירים, בעטלער, בעלי-בתים,
הענדלער, קרעמער, בעלי-מלאכות

פון אַזעלכע מִינֵי תְּשׁוּבוֹת
חאַפּט מיר אָן אַ ווילדער צאָרן
און צום דריטען מאָל מײַן שַׁאֲלָה
גיט אַ קלאַפּ שוין ווי אַ דונער:
„מַה שְּׁמֶךָ? מַה שְּׁמֶךָ?
זאָג מיר, מענש, וואָס פאַר אַ נאָמען
האָסטו אויף דער וועלט געלאָזען,
ווײַז דעם זֵכֶר, ווײַז דעם רוֹשֶׁם
וואָס דו האָסט מיט דײַנע מַעֲשִׂים
אויסגעקריצט אויף לאַנגע צײַטען
אין געדאַכט פון דוֹרֵי דוֹרוֹת!"
אָט בײַ דער מיין פראָסטער שַׁאֲלָה
שווײַגען נײַענציג פון הונדערט,
וויסען מיר ניט, וואָס צו זאָגען...
בײַ די ווערטער ווערט דער דוּמָה
אויפגערעגט און שטאַרק אין כַּעַס,
גיט אַ קלאַפּ אין דר'ערד דעם שנאָבעל
גיט אַ וואָרף אַ בליק אַ ווילדען
און הויבט ווײַטער אָן צו טַעֲנֶה'ן:
— דאָס איז אונטען אין די קְבָרִים,
נו, און אויבען אויף די קברים?
אויף די אוֹהֶל'ס און מַצֵּבוֹת
זענען אויסגעקריצט אַזעלכע
הויכע שְׁבָחִים, הויכע מַעֲלוֹת,
אַז מען קען נִשְׁתּוֹמֵם ווערען
נאָר אַ לייען טהון די ווערטער,
וועלכע זענען אויפגעשריבען,
אויסגעקריצט אויף מירמעל-שטיינער
אויסגעקריצט אויף דוֹרֵי דורות, —
קען מען מיינען — די בֵּית-עָלְמִין'ס
זענען דורך פערזייהט מיט גְדוֹלִים,

מיִט צַדִיקִים, מיִט חֲכָמִים,
בַּעֲלֵי-צְדָקוֹת און עֲנָוִים,
אֵשֶׁת-חַיִל׳ס אָדער צְנוּעוֹת...
אָט אַזעלכע מִינֵי שְׁבָחִים,
אָט אַזעלכע מִינֵי כְזָבִים
וועגען טויטע, וועגען שטומע
האָבען מיר שוין שטאַרק דערעסען
און איך האָב זיך איצט גענומען
איבערמאַכען אַלע כְּתָבִים
אויף די אוהֶלִ׳ס און מַצֵבוֹת.
ביי אַ גְבִיר אויף אַ מַצֵבָה
האָב איך אָנגעשריעבען: „גַנָב" ;
ביי אַ רָב פון אַ קליין שטעדטיל
האָב איך אָנגעשריעבען „שוֹטֶה" ;
אויף אַ קינצליכער מַצֵבָה
פון זוּגָתוֹ שֶׁל בַּעל-שְׁתַּדְלָן,
וואו מיט אוֹתִיוֹת געגולטע
איז געווען געשריבען „צְנוּעָה".
האָב איך אָנגעשריבען „זוֹנָה".
אויף אַ שיינעם רייכען אוהֶל
פון אַ גרויסען גוטען-אידען
האָב איך אויסגעקריצט: „פ״נ
אונטער׳ן אוהֶל ליעגט בעגראָבען
אַ צבוע׳יאַק, אַן׳עַם-הָאָרֶץ,
וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען
פאָרגעשטעלט זיך פאַר אַ צַדִיק.
בלוט געזויגען פון קַבְּצָנִים,
ח״י מאָל ח״י געשלעפּט פִּדְיוֹנוֹת
פאַר׳ן נאָז געפיהרט חֲסִידִים,
און געהאַנדעלט ווי אַ קרעמער

מיט גאָט'ס נאָמען, מיט גאָט'ס וויללען,
מיט קַמֵעות און מיט שְׁמירות ...

~~~~~

## ד.

## אין שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה. דער האַנדעל מיט חַטָאִים.

ק-ר-ר-ראַך! ... עס גיט אַ קלאַפּ אַ דונער,
און עס הויבען אָן צו קריַיהען
שִׁשִׁים רִבּוֹא ווילדע העהנער.
האַלבע נאַכט איז שוין געקומען
און דער שטורם-ווינד, אין וועלכען
ס'דרעהען זיך די מַחֲנוֹת שֵׁדִים,
הויבט זיך אויף מיט האַסט צום וואָלקען
ווי אַ זייל צי ווי איין עגבער,
דרעהט זיך אוים ווי אַ מין פֶּגֶר,
בויגט זיך צו צום לינקען קוימען
פון דעם מעכטיג הויכען טורם
פון דעם הערשער אַשמדאַי.
ווידער — נאָך אַ שטאַרקער דונער,
און דער ווינד מיט אַלע שֵׁדִים
פליהט אַריין אין קעסעל-פּאַלאַץ,
גיט אַ קלאַפּ זיך אָן פּאָדלאָגע —
און ס'ווערט שטיל, קיין פּיפּס, קיין אָטהעם ...
אַלע רוחות, ווי יְוָנִים
אָהן אַ ריהר און אָהן אַ תְּנוּעָה,
שטעהען שטום מיט גרויסען פַּחַד
פאַר דעם פָּנִים פאַר דעם שטרענגען
פון דעם גרויסען אַשמדאַי.
און דער הערשער פון די רוחות
קוקט אַרום זיין גרויסען חַיִל,
~~~~~

זיצט אַ ווײַלע ווי פערשלומערט,
ווי פערטיעפט אין די רַעיונות
און הויבט אָן דערנאָך צו ריידען:
„מײַנע קינדער, בְּנֵי הַטוּמְאָה
פון די אַרְבַּע פִּנּוֹת עוֹלָם!
גיט מיר אָב אַ קלאָרען חֶשְׁבּוֹן
פון די מַעֲשִׂים פון די טְרֵפָה,
פון די שטרויכלונג און חֲטָאִים,
פון די זינדיגע מַחֲשָׁבוֹת,
פון די שרעקליכע עֲבֵרוֹת,
וואָס איהר האָט געזייהט מיט הויפענס
צווישען מענשען אויף דער וועלטעל
פון די שפּיצליך און לֵצָנוּת,
פון פערבלענדעניש און שְׁטוּתִים,
פון די אַלע מִינֵי נעצען,
וואָס איהר האָט פערשפּרייט צו פאַנגען
פרומע יודישע נְשָׁמוֹת!
איהר זאָלט אַלע ריידען אֶמֶת.
נור כְּדֵי איך ניט צו שטערען
פון דער טְרֵפָה'נער מְלָאכָה
און בעפרײַען איך וואָס גיכער,
בין איך גוזר, אַז איהר אַלע
שֵׁדִים, לֵצִים און קוּנְדֵסִים
און די דאַרע יֵצֶר-הָרָע'ס
פון די יודישע קליין-שטעדטליך
זאָלט זיך געהן אין שְׁאוֹל תַּחְתִּיָּה
און זאָלט דאָרט מײַנע שָׂרִים
מײַנע גרעסטע דיענער: סַנְוִי,
סַנְסִינַי און סַמַנְגְלוֹף
געבען אייער טְרֵפָה'ן חֶשְׁבּוֹן
ווי געהעריג איז — אויף פּאַרמעט

אוּן מִיט חֲזִיר־בּלוּט גְעשרִיבּעֶן.
אוּן אָט דאָ בַּיי מִיר אִין טוּרם
זאָל זִיךְ בּלַייבּעֶן מעֶהר נִישט אֵיינעֶר,
דעֶר בּעֶרִיהמטסטעֶר אוּן דעֶר גרעֶסטעֶר
פוּן אָדעֶסעֶר יֵצֶר־הָרָע׳ס.
אוּן עֶר זאָל דעֶם סֵפֶר מאַכעֶן
פוּן דִי נַייסעֶן, וואָס עֶס הערט זִיךְ
אִין מַיין הוֹיפּט־שטאָדט, אִין אָדעֶסאַ;
עֶר זאָל מִיר דעֶרצעֶהלעֶן רִיכטִיג,
ווִי אָדעֶסעֶר בַּעַל־עֲבֵרוֹת
קרִיכעֶן, שפּרִינגעֶן, לויפעֶן, פלִיהעֶן
אִין דִי נעֶצעֶן פוּן מַיין שְׁלִיטָה".
עֶס געֶהט דורךְ אַ הֶרֶף עַיִן —
אוּן פוּן דר׳עֶרד פוּן יעֶנעֶם ווִינקעֶל
אִין דעֶם טוּרם, וואו ס׳געֶפִינט זִיךְ
יעֶנעֶר זומפּ, אִין ווּעֶלכעֶן קֹרַח
מִיט זַיין גאַנצעֶר גרויסעֶר מַחֲנֶה
אִיז געֶוואָרעֶן אַיינגעֶזוּנקעֶן,
הויבּט זִיךְ אויף אַ קנויל פוּן פַייעֶר,
חאַפּט אַרוּם דִי מַחֲנֶה שֵׁדִים
אוּן פאַלט דורךְ מִיט זֵיי צוּזאַמעֶן
דורךְ דעֶם זומפּ אִין שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה
אוּן אִין טהוּרם בּלַייבּט נוּר אֵיינעֶר,
דעֶר מְיוּחָס אוּן דעֶר גרעֶסטעֶר,
פוּן אָדעֶסעֶר יֵצֶר־הָרָע׳ס.
שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה! שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה!
פרִיהעֶר מוּז אִיךְ אַייךְ דעֶרצעֶהלעֶן,
וואָס דאָס אִיז פאַר אַ מִין מָקוֹם.
נאָךְ נִיט לאַנג, אִין יעֶנעֶ צַייטעֶן
אַז דִי בּייזעֶ אַפִּיקוֹרסוּת
האָט נאָךְ נִישט פעֶרשפּרֵייט אִיהר שְׁלִיטָה

אויף אַחֵינוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל,
איז דער גֵיהִנוֹם געוועזען
ניט וואו ער געפינט זיך איצטער;
ער האָט דעמאָלט זיך געפונען
אין דעם גרויסען טיעפען קעלער,
וועלכער רופט זיך „שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה",
אונטער שַׂר הַטּוּמְאָה'ס טורם.
אַח! אין יענע פרומע צייטען
איז דער גֵיהִנוֹם געוועזען
גאָר אַ קליינער און אַ פּראָסטער
מיט צוויי אַלטע ציגעל-אייוועןס
און מיט צעהן אַלטע קעסלען,
און די דיענער פון דעם גֵיהִנוֹם
זענען זיך דורכאויס בעשטאַנען
נור פון דרייצעהן אַלטע שֵׁדִים
קראַנקע, הינקעדיגע, שלאַפע,
וועלכע פלעגען שטענדיג ליעגען
ביי די קעסלען, אויפ'ן אייוועןן
אום צו וואַרימען די ביינער,
שטענדיג קרעכצען און זיך קלאָגען
אויף דער ביטערער עֲבוֹדָה.
הייצען פלעגט זיך דאַן דער גֵיהִנוֹם
נור מיט אַלטע פוילע ברעטער,
וועלכע אָט די קרומע שֵׁדִים
פלעגען אַלע בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת
גַּנְבֶ'ענען פון גרויסען פלאַנקען,
וועלכער איז אַרום גַּן-עֵדֶן...
אין דעם גיהנום איז דעמאָלט
שטיל געוועזען און זעהר רוהיג.
קליינע, פרומע בַּעֲלֵי-עֲבֵרוֹת,
ליעגענדיג זיך אין די קעסלען.

פלעגען שטענדיג זאָגען מוסָר
פאַר די הינקעדיגע װעכטער.
און די שֵׁדִים פלעגען הערען,
פלעגען טראַכטען װעגען תְּשׁוּבָה,
און אַז קײנער פלעגט ניט זעהען
פלעגט מען זיך אַ „בָּרְכוּ" מאַכען
זאָגען „אָמֵן", „יְהֵא שְׁמֵיה רַבָּא"
און אַנ'אַנדערס מאָל אַפִּילוּ
שפּײַען אין דעם גרױסען אײװען
און פערלעשען דאָרט דאָס פײַער.
און גאַנץ אָפט פלעגט דאָרטען טרעפען,
אַז אַ רײַכער בַּעַל-עֲבֵרָה
פלעגט פאַר עטליכע שמעק טאַבאַק
מאַכען גאָר אַ שענע פְּלֵיטָה
אַ שמעק-טאַבאַק'ל די שֵׁדִים,
אַ שמעק טאַבאַק די מַלְאָכִים,
װעלכע היטען דעם גַן-עֵדֶן —
און דער רײַכער בַּעַל-עֲבֵרָה
פלעגט זיך איבערקלױבען רוהיג
אין דער װאָהנונג פון צַדִיקִים.
אָט אַזױ איז זיך געגאַנגען
ביז דער צײַט פון משֶׁה דעססער.
משֶׁה דעססער! משֶׁה דעססער!
גװאַלד, װאו נעהם איך טױטע קְלָלוֹת
דיך צו שילטען פאַר דײַן טוּמְאָה,
פאַר דאָס ביזן װאָס דו האָסט יודען
אָנגעטהון מיט דײַן הַשְׂכָּלָה,
מיט דײַן טְרֵפָה'נער הַשְׂכָּלָה!
זינט דער אַחֵר, אֲשֶׁר חָטָא
אֲשֶׁר הֶחֱטִיא אֶת הָרַבִּים,
האָט פערברײטעט צװישען יודען

גאַנצע הִלְכוֹת אַפִּיקוֹרסוּת.
חֲקִירוֹת, סְפֵקוֹת, ווילדע קֻשְׁיוֹת
און פערסַמ'ט פִיעל טוויזענד מוחות —
זינט ער האָט געבּויט זײַן קלײַזעל
אין דעם סְדוֹם פון נײַע צײַטען,
אין בערלין (אַ שטאָדט פון דײַטשען!), —
האָט אַ שאָט געטהון אין גיהנום
גאָר מיט נײַע בַּעַל־עֲבֵרוֹת...
אין אַ קורצע צײַט פון יאָהרען
איז געוואָרען קליין דער גֵיהִנוֹם,
איינג געוואָרען אין די קעסלען,
ניט געחאַפּט קיין האָלץ אויף היצען,
און די אַלטע קרומע שֵׁדים
האָבען זייער בּיסעל שְׁלִיטָה
גאָר אין גאַנצען שוין פערלאָרען.
אַז דער אַלטער אַשמדאַי
האָט דערוואוסט זיך פון די מַעֲשִׂים,
האָט ער גלײַך געהייסען בויען
גאָר אַ גֵיהִנוֹם אַ נײַעם,
אי אַ גרויסען, אי אַ ברייטען
מיט תרפ"ט אֲלָפִים קעסלען,
וועלכע זאָלען זיך בּעהייצען
ניט מיט האָלץ — מיט שטיינער־קויהלען,
האָט געהייסען דאָרטען מאַכען
טעלעגראַפען, טעלעפאָנען
און עלעקטרישע בּעלויכטונג
און פאַר וועכטער האָט ער דאָרטען
צוגעשטעלט אַ מַחֲנֶה שֵׁדִים,
גרויסע, יונגע און געזונדע,
וועלכע ווייסען „מַה שֶּׁתָּשִׁיב"
מיט'ן צונג און מיט די נעגעל,

אוים די אַלטע גוטע יאָהרען!
איצטער קאָן זיך שוין ניט טרעפען,
אַז אַ רייכער בַּעל־עֲבֵרָה
זאָל פון דאָרטען פְּלֵטָה מאַכען!
שען און גרויס איז איצט דער גֵיהִנום,
אַלץ איז דאָרטען זעהר אֵיידעל,
שֵׁדים זאָגען „איהר", „זייט מוחֵל"
צו די גרעסטע בַּעֲלֵי־עֲבֵרוֹת,
אַז זיי בראָטען זיי אין אֵייוועך,
אַז זיי זעצען זיי אין קעסעל.
אַלץ איז דאָרטען איינגעאָרדענט
נאָך דעם לעצטען וואָרט פון חָכְמָה,
נור די צָרות און יְסורים
זענען אָהן אַנ'עֶרֶך גרעסער,
אֵיידער אין דעם אַלטען גֵיהִנום...
ס'האַלט זיך שטאָלץ דער אַשמדאַי
מיט זיין נייעם פיינעם בִּנְיָן.
אַז די אַלטע שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה
איז געוואָרען פוסט און ליידיג,
האָט געהייסען אַשמדאַי
דאָרטען מאַכען אַ מין לאַגער,
אַ מין חָנות פון אַלע מִינִים
טוּמְאָה־סְחוֹרוֹת, פון עֲבֵרוֹת,
און אַוועקגעזעצט אין קרעמעל
האָט ער שענסטע מְקַטְרְגִים,
די בעוואוסטע רוחות: סַנִי
סַנְסִינַי און סַמַנְגְלוֹף.
אַלע ווענד פון שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה
זענען אויסגעלעגט מיט סחורה,
גלייך ווי אין די גרעסטע קראָמען,
פּעק און פּעקליך מיט עֲבֵרוֹת,

און בײַ גרויסע לאַנגע טישען
זיצען ערענסט די דרײַ קרעמער,
מיט די ברילען אויף די נעזער,
מיט די פּענעס אין די נעגעל
און זײ שרײַבען אין די גרויסע
שװאַרצע לײַסטערס „קרעדיט״, „דעבעט״.
אַז די גאַנצע מַחֲנֶה שֵׁדִים
פליהט אַרײַן אין שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה
אין דעם גרויסען קנויל פון פײַער,
הויבט זיך אויף אַזאַ געדרודער
װי צוזאַמען אין דרײַ בערזען.
קוֹדֶם כָּל, אַ דין וְחֶשְׁבּוֹן
גיבען אָב דעם שַׂר סַמַנְגְלוֹף
אַלע רוחות און ניט גוטע
װי געהעריג איז, אויף פּאַרמעט.
און מיט הַזִיר־בלוט געשריבען.
נאָכדעם הויבט זיך אָן דער האַנדעל:
בײַ דעם טיש, װאו עס זיצט סני,
שטעהט אַ קלײנע מַחֲנֶה שֵׁדִים,
שטעהען שענסטע יֵצֶר־הָרָע׳ס,
גרויסע, דיקע בַּעֲלֵי־בָתִּים,
און מיט ברײטקײט און מיט גַדְלוּת,
װי עס פּאַסט פאַר גרויסע סוֹחֲרִים,
פיהרען זײ זיך זײער האַנדעל.
אײנע צאָהלען בִּמְזוּמָנִים
באַרע נײַאינקע מַטְבְּעוֹת,
דאָס הײסט — אויסגעמעקטע שֵׁמוֹת,
אָבגעשערטע באָרד און פֵּאוֹת,
אָדער שפּײַען פון „עָלֵינוּ״,
אָדער פְּגִימוֹת פון חֲלָפִים, —
אָדער װעקסלען פון באַנקראָטען...

אַנדערע פון אָט די סוֹחֲרִים
באָרגען זייער פּעקעל סְחוֹרָה:
סַנִי האַלט זיי פאַר בְּטוּחִים
און ער גיט זיי גערן סְחוֹרָה.
יֵצֶר-הָרָע'ס בַּעֲלֵי-בַּתִּים
האָבען ליעב רעיעלע חֲטָאִים,
פעטע, שטאַרקע און געשמאַקע:
לאָז זיך זיין ניט נאָך דער מאָדע
לאָז זיך זיין אַפילו טייער,
נור ס'זאָל האָבען אַ מַמָשׁוּת,
מען זאָל זעהען, מען זאָל פיהלען,
אַז די סְחוֹרָה איז אַ גוטע.
ביי דעם טישעל פון סַנְסִינַי
שטעהען אָרימינקע שֵׁדִים,
שטעהען דאַרע יֵצֶר-הָרָע'ס,
לֵצִים — שלעפּער און דַלְפָּנִים,
און זיי בעטען, און זיי וויינען,
אַז סנסיני זאָל זיי באָרגען
צוויי-דריי צעהנדליגער עֲבֵרוֹת,
חאָטש פערלעגענע און אַלטע,
און מען שווערט מיט עק און הערנער,
אַז מען וועט בעצאָהלען שפּעטער.
מען דערלאַנגט שְׁטַר-עִסְקָא'ס, וועקסלען,
שֵׁדִים-שְׁבוּעוֹת און מַשְׁכָּנוֹת.
און סַנְסִינַי קנייטשט דעם שטערן,
שילט און זידעלט זיינע קונדען,
נור ער האָט אויף זיי רַחֲמָנוּת
און גיט יעדערן אַ פעקעל
מיט פערלעגענע עֲבֵרוֹת.
נור דער רעכטער שטאַרקער האַנדעל
קומט זיך פאָר ביים טיש דעם דריטען,

וואו עס זיצט דער שַׂר סַמַנְגְלוֹף:
דאָרטען שטעהט אַ גרויסע מַחֲנֶה
פון די נײַעסטע יֵצֶר־הָרָע׳ס,
פון הײַנט־וועלטיגע לֵצָנִים,
פון קוּנְדֵסִים מיט „פּרינציפּען“.
— מיר אַ פּעקעלע עֲבֵרוֹת
פרישע, היימישע, געשמאַקע,
פון דער לעצטער נײַסטער מאָדע!
קוויטשעט אויס אַ קליינער לֵץ׳ל.
— גיט, זײַט מוֹחֵל, מיר אַ פּעקעל
מיט די רויטינקע עֲבֵרוֹת,
אײַנגעבונדענע און שטאַרקע,
דורכגעווייקטע אין פּרינציפּען!
בעט אַ דאַרער יֵצֶר־הָרָע.
— איהר האָט נעכטען מיר געגעבען,
רופט זיך אָב אַ לֵץ אַ דריטער,
היבשע פּעקלעך מיט „יאָ־זאָגעכץ“,
הייסט דאָס — פּעקלעך מיט „אוגאַנדאַ“,
וואָלט איך זעהר וועלען וויסען,
ווי אַזוי בײַ אונז אין בערזע
שטעהט דער קורס איצט פון „אוגאַנדאַ“?
רעכענט זיך נאָך אַלץ „אוגאַנדאַ“
פאַר אַ בלוטיגע עֲבֵרָה,
אָדער זי איז שוין געוואָרען
גאָר פערקעהרט אַ גרויסע מִצְוָה?
— וועגען דעם געהט שְׁאֵלוֹת־וּתְשׁוּבוֹת
צווישען אויסלענדישע לֵצִים
מיט די רוסלענדער קוּנְדֵסִים,
ענטפערט איהם דער שַׂר סַמַנְגְלוֹף.
— גיט מיר עפּעס דעקאַדענטיש,
בעט איין „איבער־שַׂר“ אַ לאַנגער:

גוּט אַזעֶלכעֶ מִינֵי חֲטָאִים ,
אַז אִין זײַ זאָל שטעֶקעֶן תְּשׁוּבה ,
חֲטָאִים דוּרךְ און דוּרךְ מיִט דְבֵקוּת ,
חֲטָאִים אַיִיז מיִט פלאַמעֶן פײַעֶר,
אַז פון זײַ זאָל אִין אַיין ווײַלעֶ
היִצעֶן, קיִהלעֶן, בּרעֶנעֶן, פריִהרעֶן ,
חֲטָאִים מיִט אַ גריִנעֶם רֵיחַ ,
מיִט אַ שפּיִציִג-העֶלעֶן טַעַם ;
חֲטָאִים מיִט אַ פַּרְצוּף פָּנִים
פון אַ לאַנגעֶן זיִסעֶן געֶניִץ
פון אַיין אָדלעֶר אִין דעֶר מִדְבָּר ...
אוּיף אַזעֶלכעֶ מִינֵי סְחוֹרוֹת
האָבּ אִיךְ אִיצטעֶר פײַנעֶ קוֹנִים !
מיִט אַמאָל אַ גרוֹיס געֶרוּדעֶר
הוֹיבּט זיִךְ אוּיף אִין שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה .
וואָס אִיז דאָרט אַזוֹינס געֶשעֶהעֶן ?
מ'האָט געֶחאַפּט אַ קלײנעֶם לֶצ'ל,
וועֶלכעֶר האָט זיִךְ שטיִל געֶ'גַנְבֿ'עֶט
פון דעֶם טיִש פון שַׂר סַמַנְגְלוֹף
צוויי-דרײַ פּעֶקעֶלעֶךְ עֲבֵרוֹת ,
גאַנץ נײַ-מאָדיִשעֶ , געֶשמאַקעֶ ,
זיִךְ פעֶרקליִבּעֶן אִין אַ וויִנקעֶל
און געֶנוּמעֶן זײַ פעֶרצעֶהרעֶן
גאָר אַלײן מיִט גרוֹיסעֶן תַּעֲנוּג .
און דעֶר גַנָב דעֶר געֶחאַפּטעֶר
הוֹיבּט אָן קוויִטשעֶן, הוֹיבּט אָן ווײנעֶן,
הוֹיבּט אָן דרעֶהעֶן מיִט'ן עֶקיִל ,
בּעֶטעֶן זיִךְ און געֶבּעֶן שְׁבוּעוֹת .
אַז דאָס אִיז דיִ לעֶצטעֶ גְנֵבָה ,
נוּר מעֶן העֶרט ניִט צוּ דיִ בְּכִיוֹת .
אָלטעֶ שֵׁדִים, אַלטעֶ רוּחוֹת

און אַלײַן די קרעמער: סַנִי
און סַנְסִינַי און סַמַנְגְלוף
סוד'ען זיך אַ קלײנע װײַלע
און מען טראָגט אַרױס אַ פְּסַק-דִ'ין,
װעלכער װערט דאָ גלײַך מְקוּיָם:
קודם-כָּל בעקומט דער נאַשער
טויזענד שמיץ, און ניט מיט ריטער —
מיט אַ צִיצָה פון אַ טַלִית
(פאַר די שֵׁדִים איז אַ צִיצָה
פיעל, פיעל שרעקליכער װי ריטער,
אײדער בײַטשען, אײדער דערנער),
נאָכדעם גיט מען איהם אַ שמעק-טהאָן
פון הַבְדָלָה שטאַרקען װײַרעך,
נאָכדעם מאַכט מען, ער זאָל הערען
פון אַ שופָר שְׁבָרִים-תְּרוּעָה
און דערצו איז מען נאָך גוזר,
ער זאָל טויזענד יאָהר זיך זיצען,
װי אין תְּפִיסָה, אונטער'ן אײװען
אין חַבַד'ניצע דער אַלטער.
און דער האַנדעל געהט זיך װײַטער...

---

אין דער צײַט, װאָס אונטער'ן טורם
אין דער טיעפער שְׁאול תַּחְתִּיָה
קאָכט דער האַנדעל מיט עֲונות,
קומט זיך פאָר אין שװאַרצען טורם
אַ געשפרעך בײַם אַשמדאַי
מיט דעם שָׂטָן פון אָדעסאַ.
דער אָדעסער יֵצֶר-הָרָע
איז אַ שֵׁד װי אַלע שֵׁדִים,
נור אַ דיקער מיט אַ בײַכעל

האָט אַ פּאָר גאַנץ פֿיינע הערנער,
בַּעל־בַּתּישע, פערשפּיצטע,
אַ פערדרעהטען היבשען עקיל,
אַ פּאָר קורצע חזיר־פּיסלעך;
מיט קאָפּיטקעס אָהן אַ שפּאַלטעל.
מיט׳ן פּנים איז ער ענליך
אויף אַ גרויסען באָק אַ ווילדען,
נור דער חילוק איז, וואָס יענער
האָט אַ יודיש ציגען-בערדעל,
און ביים שׂטן, ביים אָדעסער
איז די מאָרדע אַ געגאָלטע;
אויפ׳ן גוף — די שענסטע בגדים,
אַ צילינדער, אַ מאַנישקע,
מיט אַ ווייסען שניפּס פערבונדען,
און אַ פיינער פראַק אַ שוואַרצער.
אין פּוטעלקע — שטאָט אַ בלימעל,
אַ פּער׳סם׳טע שוואָם אַ גרינע.
אַשמדאַי, — ער שוויינט אַ ווילע,
קוקט זיך צו צום שׂד׳ס בגדים,
ווי אַ חסיד, וואָס איז בודק
מיט כּוונה זיינע ציצית,
און ער זאָגט איהם מיט אַ טרויער,
מיט אַ שטיקעל יגמת־נפש:
— ווי מיר דאַכט, מיין קינד, דיין פּרעקעל
איז ניט דורך פון היילע שעטנז...
סטייטש, ווי קומט דאָס, יצר-הרע,
אַז אַפילו דו, אָדעסער,
זאָלסט ניט זיין קיין בעל מהדר?
— אָ, מיין האַרר, איך מוז דיר זאָגען,
שעטנז איז איצט אויס פון מאָדע...
ענטפערט שטאַרק דער יצר-הרע.

— דאָס איז שוין אַנ'אַנדער טַעֲנָה,
רופט זיך אָב דער אַשמדאַי:
הִלְכוֹת מאָדע מוז מען היטען,
מאָדע איז פאַר יֵצֶר-הָרַע'ס
שוין אַ דִין און נִיט קיין מִנְהָג...
נו, דערצעהל מיר דיינע מַעֲשִׂים!
און די אַלטע סִטְרָא-אַחֲרָא
לעהענט אָן זיך אויף איהר כִּסֵא,
גרייט זיך צו מיט גרויסען תַּעֲנוּג
הערען מַעֲשִׂיוֹת וועגען חֲטָאִים.
— אָ, אַלמעכטיגער און גרויסער
מֶלֶךְ אַדִיר שֶׁל הַטוּמְאָה!
הויבט דער שָׂטָן אָן צו ריידען:
גאַנץ אָדעסאַ מיט איהר סְבִיבָה
בוקען זיך מיט גרויס הַכְנָעָה...
— גיכער, גיכער, קום צום ענְיָן
און בְּקִצוּר מיט דער מְלִיצָה!...
— האַרר! דער ענְיָן איז אַ קלאָרער:
אין אָדעסאַ אַלע יודען
געהען אום אין קורצע ראָקען,
טראָגען, אָסוּר, ניט קיין גאַרטלען.
ניט קיין יאַרמולקעס, קיין שטריימלעך,
ניט אַ זֵכֶר פון אַ פֵּאָה,
און מען זיצט אין שטוב אָהן היטלען
און מען עסט זיך אָהן געוואַשען,
און אום שַׁבָּת האַלט מען מוּקְצָה,
און מען טראָגט זיך די פּאַטשיילקעס
אָהן אַנ'עֵרוּב אין די גאַסען...
— זעהר פיין, ס'איז גאָר געהויבען!
גיט אַ ברום דער אַשמדאַי:
און וואָס ווייטער? רייד דבו...ים!

— ווײַטער? ווײַטער איז נאָך בעסער!
זינט איך האָב זיך שטאַרק גענומען
פאַר אָרעסער בַּעֲלֵי-בָּתִּים,
קומען פאַר אַזעלכע מַעֲשִׂים,
וועלכע שווער איז צו בעשרײַבען,
אין אָדעם איז איצט פאַרהאַנען
צווײ-דרײַ טויזענד שענע יודלעך,
וועלכע רויכענען אום שַׁבָּת,
וועלכע האָבען טְרֵפָה קיכען,
עסען חֲזִיר אום יום-כִּפּור,
יודען, וועלכע זענען כּוֹפֵר
גאָר בְּעִיקָר בְּפַרְהֶסְיָה,
וועלכע שעמען זיך צו ווײַזען,
אַז זיי זענען בְּנֵי יְהוּדִים...
— הַס קַטֵיגוֹר!!! גוט אַ דונער
מיט גרים-צאָרען אַשמדאַי:
הַס קַטֵיגוֹר, הַס קַטֵיגוֹר!
צי פערשטעהסטו, שֵׁד, מְחַבֵּל,
אַז דו שפּיעלסט זיך דאָס מיט פײַער?
דו דערצעהלסט אַזעלכע מַעֲשִׂיוֹת,
וועלכע שמעקען מיר ווי ווײַרעך,
וועלכע שרעקען מיך ווי תְּקִיעוֹת.
איך האָב דיך געשיקט פערשפּרייטען
קליינע יודישע עֲבֵרוֹת, —
אַנשטאַט דעם האָסטו גענומען
מאַכען מײַן אָדעם פאַר גוֹיִם!
דו דערצעהלסט מיט אַ מין שִׂמְחָה,
אַז די יודען פון דײַן שְׁלִיטָה
זענען כּוֹפֵר שוין בְּעִיקָר,
און דעם נאָמען פון אַ יודען
האַלטען זיי פאַר אַ מין חֶרְפָּה,

און דו רופסט דאָס — פײַנע חַטָאִים,
דאָס איז מַעֲשִׂים לא יֵעָשׂוּ!
נאָך אַ טראָט — און דײַנע יודען
װעלען פּוֹרֵץ זײַן דעם גֶדֶר
און נִיט זײַן שוין מעהר קײן יודען,
דו פערשטעהסט: נִיט זײַן קײן יודען
און אַרויסגעהן פון מײַן שְׁלִיטָה!
װאָס װעט זײַן, אַז אַלע יודען
װעלען כּוֹפֵר זײַן בְּעִיקָר
און פערגעסען, װער זײ זענען?
װאָס װעט זײַן, אַז אַלע יודען
װעלען זיך דערנאָך צו'שְׁמַד'ען?
אױס מײַן שְׁלִיטָה! אױס מײַן הערשאַפט!
חאָטש פערשפּאַר די טהיר פון גֵיהִנוֹם,
חאָטש צוטרײַב די יֵצֶר־הָרָע'ס
און די אַלע כִּתּוֹת שֵׁדִים!
דו פערגעסט, אַז איך האָב שְׁלִיטָה
צו פערשפּרײטען מײַנע נעצען
נִיט אױף גוֹיִם, נור אױף יודען!
גוֹיִם האָבען זײער טוּמְאָה,
גוֹיִם האָבען זײער גֵיהִנוֹם,
האָבען אײגענע קוֹנְדֵסִים,
יֵצֶר־הָרָע'ס, רוּחוֹת, שֵׁדִים.
נײן, מְקַטְרֵג, שפּיעלסט מיט פײַער!
פליה צוריק אין דײַן אָדעסאַ
און רוף אױס דאָרט אין מײַן נאָמען
אַלע רוּחוֹת זאָלען הערען,
אַז אױף קומענדיגע צײַטען
זאָלען זיך שטרויכלען יודען
נור מיט יודישע עֲבֵרוֹת,
און זײ זאָלען חַס וְשָׁלוֹם

ניט בעריהרען יענעם נצוץ,
יענעם פינטעל פון אַ יודען,
וועלכעס ליעגט זיך טיעף בעהאַלטען,
ווי אַ שֵׁם אין קָדְשֵׁי־קָדָשִׁים,
ווי אַ סֵפֶר אין איין אָרוֹן,
ווי די בּיינדלעך אין אַ מילגרוים
אין דעם האַרץ פון יעדען יודען.
דאָס בּעפעהל איך, אַשמדאַי!
פליה, קַטֵיגוֹר, מאַך קיַין שְׁהִיוֹת
און רוף אוים מיַין שטאַרקען גְזַר־דִין!
דער אָדעסער יֵצֶר־הָרַע,
שטאַרק פערשעמט און שטאַרק דערשראָקען,
בוקט זיך טיעף דעם אַשמדאַי,
גיט אַ שפּרונג און ווערט פערשוואונדען...



## ה.

## די שְׁרֶעקְליכֶע מְסִירָה.

קוקורעקו!!... קוקורעקו!!
שִׁשִּׁים רִבּוֹא העהנער קריַיהען, —
דאָס איז שוין דער קריַיה דער צוויַיטער,
ער זאָגט אָן, אַז פרומע יודען
לויפען שוין אין שוהל צו סְלִיחוֹת,
אַז די נאַכט יועט באַלד פערשווינדען
און די טוּמְאָה וועט פערליַרען
איהר געוואַלטיג־גרויסע שְׁלִיטָה.
פון דער טיעפער שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה,
דורך דעם זומפּ פון קֹרַח'ס קֶבֶר
הויבט זיך אויף דער קנויל פון פיַיער,
און אין איהם — די מַחְנוֹת שֵׁדִים,

פליהט זיך דורך דעם שווארצען טורם,
פליהט ארויס פון רעכטען קוממען.
און די רוחות, די ניט־גוטע,
ווי די פיילען פון א בויגען,
שפרייטען זיך מיט האסט פונאנדער
איבער אלע זיבען ימים,
איבער בערג און איבער טהאלען,
איבער פעלדער, איבער וועלדער,
איבער שטעדט און איבער שטעדטליך.
און דער אלטער אשמדאי
בלייבט אליין אין שווארצען טורם;
ביי א ווייל זיצט ער רוהיג,
ברומט א ביסעל א מין נגון,
נאכדעם נעהמט ער אין די נעגעל,
נעהמט די גרויסע האלאוועשקע,
וועלכע ברענט און וועלכע פלאקערט,
און ער וויל זי שוין פערלעשען...
מיט אמאל — א מאדנער רעש
לאזט זיך הערען אין דעם טורם
און עס זעהט דער אשמדאי,
אז דער עגל און דער נחש
וועלכע זענען רויט ווי פורפור,
ברומען מיט א ווילדען כעס,
ווארפען אין ווינקעל בליקען, —
בייזע, פייערדיגע בליקען.
אשמדאי ווערט שטארק פערוואונדערט,
גיט א ווארף א בליק אין ווינקעל
און דערזעהט א קליינעם שד'ל,
וועלכער שטעהט זיך דארט בעהאלטען
(עפעס ווי א שווארץ בייז קעציל
ווייזט ער אויס, דער שד דער קליינער).

— שֶׁרֶץ! תַּרְבּוּת! הויבּט אָן שרײַעֶן
מִיט גרויס כַּעַס אַשמדאַי:
ווי האָסטוּ געֶקאָנט זיך וואַגעֶן
דאָ פעֶרבּלײַבּעֶן אין מײַן טורם?
ק"ן אַלָפִים שמיץ מִיט צִיצִית,
שי"ן אַלָפִים תְּקִיעָה־גְדוֹלוֹת
זאָלסטוּ באַלד דעֶרפאַר בּעֶקומעֶן!!
— שטיל דײַן גרימצאָרן, מײַן העֶרשעֶר,
רופט זיך אָב מִיט שרעֶק דאָס שֵׁד'ל,
בּוקט זיך טיעף דעֶם אַשמדאַי
און דרעֶהט אוים דעֶם קלײנעֶם עֶקיל,
ווי דעֶר מִנְהָג איז בּײַ שֵׁדִים:
העֶר מיך אוים, דײַן עֶבֶד כְּנַעֲנִי!
איך בּין דאָ דעֶרפאַר פעֶרבּליעבּעֶן,
ווײַל איך האָב דיר צו דעֶרצעֶהלעֶן
אַזאַ גרויסעֶן סוד פון סודות,
אַז קיין שֵׁד און קיין מְחַבֵּל
טאָר פון איהם קיין וואָרט נִיט העֶרעֶן.
— האָסט מִיר סודות צו דעֶרצעֶהלעֶן?
דו פעֶרגעֶסט אַפָּנִים, קלײנעֶר,
אַז איך בּין דעֶר אַשמדאַי
און פאַר מײַנעֶ גרינעֶ אויגעֶן
זעֶנעֶן אָפעֶן אַלעֶ סודות?
— דאָס פעֶרגעֶס איך נִיט, שוואַרץ טוּמְאָה,
עֶנטפעֶרט עֶרנסט־שטיל דאָס שד'ל:
אַלעֶ סודות זעֶנעֶן אָפעֶן
פאַר דעֶם בּליק פון דײַנעֶ אויגעֶן,
אַלעֶ סודות זעֶנעֶן אָפעֶן —
אָבּעֶר חוץ מִסוֹדוֹת נָשִׁים...
ווייסטוּ דעֶן, מײַן גרויסעֶר העֶרשעֶר,
וואו אַנ'עֶרך עֶס געֶפינט זיך

אִיצט, זוגָתְךָ מָרַת לִילִית ?
— לִילִית?? לִילִית?? שטאַרק פּעֶר׳ואונדֶערט
גִיט אַ פרעֶג דעֶר אַשמדאַי:
וואו געֶפינט זיךְ אִיצטעֶר לִילִית?
ריִיד, וואָס ווִילסטו מִיט דעֶם זאָגעֶן?
ריִיד און צִיה נִיט די עֲצָמוֹת,
ריִיד געֶשוִינד מִיר קלאָרעֶ ווערטעֶר!
— נעֶכטעֶן אָוועֶנד גלַייךְ נאָךְ מַעֲרִיב, —
נעֶהמט דעֶר קלייִנעֶר שֵׁד דעֶרצעֶהלעֶן:
האָב אִיךְ מִיר אִין אַ קלייִן שטעֶדטִיל
נאָכגעֶיאָגט זיךְ נאָךְ אַ קלויזנִיק.
פִיעל געֶהאַט מִיט אִיהם צו קנעֶלעֶן
ביז אִיךְ האָב בַּיי אִיהם געֶפּועֶלט,
הן צום לעֶהרעֶר פון דעֶם שטעֶדטִיל
בּעֶוואוסטעֶר אַפּיקורוס!)
ן בְּסוֹד מִיט אִיהם צו שמועֶסעֶן
עֶגעֶן תּוֹרָה, ווּעֶגעֶן בִיכלעֶךְ,
ווּעֶגעֶן חָכְמָה און הַשְׂכָּלָה.
אִיךְ האָב אִיהם, מַיין יונגעֶן קלויזנִיק,
נִיט געֶלאָזעֶן פון די אויגעֶן,
און אַז עֶר אִיז שפּעֶט אִין אָוועֶנד
שטִיל געֶגאַנגעֶן פון דעֶם לעֶהרעֶר
אַ פּעֶרטראַכטעֶר, אַ געֶחאַפּטעֶר,
האָב אִיךְ אִיהם בּעֶגלייִט מִיט שִׂמְחָה
בּיז דעֶר טִיהר פון בֵּית־הַכְּנֶסֶת.
דאָרטעֶן בִּין אִיךְ שטעֶהן געֶבּלִיבּעֶן
און געֶוואָלט שוין נעֶהמעֶן שפּרַייזעֶן
צו אַ זומפּ צי צו אַ חוּרְבָה,
לאָזעֶן אויסרוהעֶן די בּיינעֶר, —
מִיט אַמאָל דעֶרזעֶה אִיךְ אָבּעֶר,
אַז אַ פַייעֶרִיל אַ שׁוואַכעֶם

פון אַ קלײנעם גראָשען־ליכטעל
לױכט זיך עלענד אין אַ פענסטער
פון דער װײַבער-שוהל, פון אױבען.
װי אַ נײַגעריגער שד'ל
דאַרף איך װיסען, װאָס דאָרט טהוט זיך.
נו, מסתּמא אַ צדקנית —
קלער איך מיר — אַ אשה זקנה
זיצט און זאָגט מיט גרײַזען תּחינות.
און איך קלעטער אױף ביז אױבען,
גיעב אַ בליק אין קלײנעם פענסטער,
גיעב אַ בליק — און װער נשתּומם...
אױף אַ בײנקעל, בײַ אַ שטענדער
אין אַ פּאַרוק, אין אַ ציפּעק
זיצט פערװײנט און זאָגט בנעימות
הײסע תּחינות פון „בת־טובים"
װײסט דו װער?... זוגתך לילית!!
— לילית??!... לילית אין אַ פּאַרוק??!...
לילית... לילית אין בית מדרש??!
לילית זאָגט מיט בכיות תּחינות?!!
שד! מחבל! זײַ זיך מודה,
אַז דו האָסט געזאָגט אַ ליגען,
אַז דו האָסט געמאַכט אַ בלבול
אױף מײַן פלונית'טע אױף לילית!!
זײַ זיך מודה! זײַ זיך מודה!
און אַז ניט, — װערסטו צוריסען
אױף תּרפ"ט אלפים שטיקלעך!!!
שרײַט אַרױס דער אשמדאַי
מיט אַזאַ מין װילדען אימפּעט,
אַז עס ציטערן די זײַלען
פון דעם גרױסען שװאַרצען טורם
און פון שרעק הױבט-אָן דער עגל

בּיִטעֶר שרײַעֶן און דעֶר נָחָשׁ
דרעֶהט זיִך אוים ווי אַ שַׁלְשֶׁלֶת.
און דעֶר קלייִנעֶר שוואַרצעֶר שֵׁד׳ל
ליִעגט פון פַּחַד ווי אַ טוּיטעֶר
און עֶר וואַרט אויף דעֶר מַפָּלָה...
נור דעֶר אַלטעֶר אַשמדאַי
קומט צוריִק צו זײַנעֶ חוּשים.
הויבּט זיִך אויף געֶשוויִנד, מיִט איִמפּעֶט
און רופט אוים מיִט קוֹלֵי קוֹלוֹת:
— שֵׁדים, לֵצים, מְקַטְרְגִים,
וויִלדעֶ קְליִפֶּה׳ס און מַזיִקים!
אַלעֶ קיִנדעֶר פון דעֶר טוּמְאָה,
שטיִלעֶ רוחות, בּייִזעֶ רוחות
פון דעֶם יַם און פון יַבָּשָׁה,
פון די הויכעֶ בּעֶרג און טהאָלעֶן,
פון די פעֶלדעֶר און די וועֶלדעֶר,
פון בֵּית־עָלְמִין׳ס און פון חוּרְבוֹת
און פון גרויסעֶ טיִעפעֶ זומפּעֶן,
לעֶנטעֶכעֶר פון שטעֶדט און דעֶרפעֶר,
שרעֶטעֶלעֶך פון אונטעֶר אֵייוועֶנס
און קוּנְדֵסים פון די בּוידעֶמס,
מְקַטְרְגִים, יֵצֶר־הָרָע׳ס
פון דעֶר ליִטאָ און פון פּוילעֶן,
פון בּעֶרליִן און פון אָדעֶסאַ,
און פון וויִלנאָ, און פון וואַרשוי,
און פון יודיִשעֶ קלייִן־שטעֶדטליִך, —
זוכט מיִר אויף געֶשוויִנד מײַן ליִלית,
בּרייִנגט צופיִהרעֶן זי איִן טורם
גלײַך צו מיִר, פאַר מײַנעֶ אויגעֶן,
ווי זי איִז איִן איִהרעֶ בְּגָדים!...
עֶס געֶהט דורך אַ הֶרֶף־עַיִן

און אַ גרויסע מַחֲנֶה שֵׁדִים
מיִט אַ שטורם, אַ געֶרודעֶר,
ברייִנגעֶן אִין דעֶם טורם לִילִית,
ווי זי איז אִין אִיהרעֶ בְּגָדִים
אִין דעֶם פּאַרוק, אִין דעֶם צוִפּעֶק,
אִין דעֶר רעֶכטעֶר האַנד אַ תְּחִינָה,
אִין דעֶר לינקעֶר האַנד — אַ דיִקעֶר
און אַ גרויסעֶר קָרְבַּן מִנְחָה...
און די גאַנצעֶ מַחֲנֶה שֵׁדִים
שטעֶהט אַ ווייַלעֶ ווי מְטוּשְׁטָש,
אַלעֶ שווייַגעֶן, אַלעֶ קוקעֶן
מיִט אַ מוֹרָא׳דיִגעֶן חִידוּש
אויף דעֶר נייַעֶר „צְנוּעָה“, לִילִית.
נאָכדעֶם הויבעֶן אָן די שֵׁדִים
אֵיינציִגווייַז אִין גרויסעֶן אומעֶט,
ווי פעֶרשעֶמט צו ווי דעֶרשראָקעֶן,
זיך אַרויסקלויבעֶן פון טורם
און זיי פליִהעֶן זיך פונאַנדעֶר
און זיי טַעֲנֶה׳ן אונטעֶרוועֶגעֶנס:
„וועֶה און ווינד! געֶקומעֶן יאָהרעֶן!
לִילִית, לִילִית — אַ בַּעַל-תְּשׁוּבָה!
אַ! די חֶרְפָּה! די בִּזְיוֹנוֹת!
מעֶן וועֶט איצט ניט קאָנעֶן ווייַזעֶן
פאַר אַ מַלְאָכ׳ל די אויגעֶן!
און דעֶר אַלטעֶר אַשמדאַי!
ס׳אַר אַ צַער אויף אִיהם איז נעֶביך!“.
עֶס פעֶרבלייַבעֶן אִין דעֶם טורם
מעֶהר ניִשט לִילִית, אַשמדאַי
און דעֶר קלייִנעֶר שוואַרצעֶר עֵדוּת.

~~~~~~
~~~~~~

## ז.

## לִילִית און אִיהְר סִפּוּר.

לִילִית!... אָרִים אִיז מַיין לָשׁוֹן
אִי מִיט ווערטער, אִי מִיט פאַרבען
צוּ בעשרייבען נוּר אִיהר פָּנִים!
אַ פּאַרשוין, אַ יְפַת תּוֹאַר,
אַז דִי וועלט האָט נִיט געזעהען!
רָחָב אִיז געווען אַ שׁענהייט, —
טויזענד מאָל אִיז לִילִית שׁענער,
שׁענער אֵיידער שִׁמְשׁוֹן'ס דְּלִילָה,
אֵיידער מַלְכַּת־שְׁבָא און וַשְׁתִּי,
שׁענער ווי די גרינע אֶסְתֵּר,
אֵיידער תָּמָר און שׁוּלַמִּית.
אַ פּאָר אויגען — צוויי בריליאַנטען,
וועלכע לויכטען, ברענען, בּליצען,
וועלכע רופען, וועלכע ריידען,
וועלכע גלעטען מִיט רַחֲמָנוּת,
אויסגעמישט מִיט צַער און ליעבע.
און די בּליקען — ווי אַ סאַמעט, —
און אַ האָהרעלע פערוואָלקענט
מִיט אַ טרעהר, צִי אַ מַחֲשָׁבָה.
גלייך ווי אויסגעטאָקט דאָס נעזעל
און די באַקען ווי צוויי רויזען,
און דאָס מיילכעלע אַ קליינעס.
מִיט צוויי דינע, רויטע ליפּלעך
וועלכע שׁמייכלען אַזוֹי ליעבליך,
וועלכע רופען, וועלכע ציהען
נאָהענט, נאָהענט פון דער ווייטען
נאָך אַנ'אַנדערע פּאָר ליפּען.
און די האָהר, די האָהר פון לִילִית.

(ניִט פון פאַרוק, פון איהר קעֶפּעֶל) —
ניִט קיִין האָהר, נור זיַיד, נור תְּכֵלֶת,
לאַנגעֶ, שוואַרצעֶ און געֶדיִכטעֶ...
בּיַי אַ רֶגַע הערשט אַ טויטעֶ
שטיִלקיַיט אין דעֶם שוואַרצעֶן טורם.
אַשמדאַי, — עֶר קוקט אויף לִילִית
מיִט צוויי קאַלטעֶ, גריִנעֶ פלאַמעֶן,
עֶר וויל רייִדעֶן, עֶר וויל שריַיעֶן,
נור עֶר קאָן ניִט... אין זיַין מֹחַ
שטורמעֶן מחנות פון מַחֲשָׁבוֹת,
ווילדעֶ, שרעֶקליִכעֶ און שוואַרצעֶ,
אויסגעֶטונקטעֶ אין אַכְזָרִיוּת, —
און אין האַרצעֶן לויכט און וואַריִמט,
קליִנגט און וויינט אַ מאָדנעֶ ליִעבּעֶ...
לִילִית שטעֶהט פאַר איהם זיך רוהיִג,
קוקט איהם גלַייך אין זיַינעֶ אויגעֶן,
שוויַיגט און וואַרט וואָס עֶר וועֶט זאָגעֶן.
— רייִד! דעֶרצעֶהל דעֶם גאַנצעֶן אֶמֶת...
רעֶדט אַרויס דעֶר אַשמדאַי
מיִט אַ קול אַ האַלבּ-פעֶרשטיִקטעֶן.
און עֶס הויבּט אָן לִילִית רייִדעֶן:
— אַשמדאַי! אָ, אַשמדאַי!
שטיִל דיַין גריִמצאָרן דעֶם גרויסעֶן,
העֶר מיִך אויס אָהן ווילדעֶן כַּעַס:
איך וואָלט וועֶלעֶן דיִר דעֶרמאָהנעֶן,
ווי אַזוי איך בּיִן געֶקומעֶן
אין דיַין טורם ווי אַ לִילִית:
אין אַ נאַכט פון וויִנד און שטורם
האָסט דו מיִך אַרויסגעֶריִסעֶן
פון אַ יודיִשעֶר מִשְׁפָּחָה,
האָסט מיִט גוואַלד אַהעֶר געֶבּראַכט מיִך

און אָהן חופּה און אָהן קְדוּשִׁין
מיך געמאַכט פאַר דײַן פִּלֶגֶשׁ.
נאָכדעם האָסטו אָנגעגאָסען
מיר אין האַרצען סם פון חֲטָאִים
און פערבלענדעט מיר מײַנע אויגען...
איך בין דאַן אַ קינד געװעזען,
אַ קליין-שטעדטילדיגעס מײדעל.
איך האָב גאָרנישט ניט פערשטאַנען
און האָב אָנגעהויבען קוקען
אויף דער װעלט מיט דײַנע אויגען,
פיהלען אַלץ מיט דײַנע חוּשִׁים,
איך האָב דעמאָלט דיך פערגעטערט
און געבוקט זיך פאַר דײַן חָכְמָה,
פאַר דײַן שענקײט, פאַר דיין גְבוּרָה.
אַלץ, װאָס דו האָסט מיר געהייסען,
האָב איך גלײַך געטהון אָהן טַעֲנוֹת:
זיך געבליזט די ברוסט און אַקען
װי אַ חֲצוּפָה, אַ מַרְשַׁעַת,
ניט געגאָלט זיך, ניט געטראָגען
ניט קיין פאַרוק, ניט קיין שלייער
און אין מִקְוֶה ניט געגאַנגען!...
האָסט מיך אָפּט געשיקט צו חָלוּם
צו צַדִיקים און צו פְּרוּשִׁים, —
איך בין זיך געהאָרכט געגאַנגען
און געזיהט ביי זיי אין האַרצען
תַּאֲוות, זינדיגע רַעְיוֹנוֹת.
נור זאָלסט װיסען, אַשמדאַי
חאָטש דו האָסט אַ גרויסע שְׁלִיטָה,
נור ס׳געפינט זיך אין אַ שטעדטיל.
אין אַ יודישען קליין שטעדטיל
אַזאַ מענש, װאָס איז פיעל שטאַרקער

אײדער דו מיט דײַנע שדים...
ער האָט מיר געבראַכט צום זינען,
אָפּגעבלענדט מיר מײַנע אויגען
און געמאַכט פֿאַר אַ בעל תּשובֿה...
— װער איז דאָס? פֿון װעמען רעדסט דו?
גיט אַ פֿרעג דער אַשמדאַי.
— פֿון דעם לײַװענטענעם רבי,
ענטפֿערט לילית אויף דער שאלה
האָסט מסתּמא ניט פֿערגעסען —
אַז בעת ימים נוראים
האָבען אַלע יצר־הרע׳ס,
אַלע שטאַרקע מקטרגים
אין אײן קול געװײנט, געשריען,
אַז דער לײַװענטענער צדיק
רײַסט זײ אָב אי רוק, אי לענדען
אַז זײ קאָנען גאָר נישט מאַכען
קעגען איהם און זײַנע תּפֿלות;
אַז צו בײַקומען איז גרינגער
הונדערט חסידים, הונדערט פּרושים,
גוטע יודען און רבנים
אײדער אָנצורירען מעהר נישט
פֿון דעם לינקען פֿוס אַ נאָגעל
פֿון דעם לײַװענטענעם צדיק.
דעמאָלט האָסטו מיר געהײסען
געהן צום צדיק און איהם שטרויכלען,
און איך בין געהאָרכט געגאַנגען...
לילית גיט אַ זיפֿץ אַ טיעפֿען,
יוישט זיך אָב די נאָז, די אויגען
מיט דעם ברעג פֿון גרויסען פֿאַרטוך
און הויבט װײַטער אָן צו רײדען:
— אין אַ קלײנעם אַלטען שטיבעל

אִין גרוֹים דַחְקוּת אוּן אִין עֶלֶענד
וואָהנט דעֶר לײַוועֶנטעֶנעֶר צַדִיק.
אַז אִיךְ בִּין צוּ אִיהם געֶקוּמעֶן,
אִיז געֶוועֶן שוֹין חֲצוֹת הַלַיְלָה.
וואַךְ אִיז נאָךְ געֶוועֶן דעֶר צַדִיק...
אָנגעֶטהוּן אִין ווײַסעֶ בְּגָדִים,
אַלץ דורכאוֹיס פוּן גראָבעֶ לײַוועֶנט
אִיז עֶר רוּהִיג זִיךְ געֶזעֶסעֶן
אִין אַ ווִינקעֶלעֶ פוּן שטִיבעֶל,
האָט געֶקוּקט אַרוֹיף צוּם הִימעֶל
אוּן האָט שטִיל פעֶרטראַכט געֶזוּנגעֶן
אַ מִין נִגוּן, גאָר אָהן וועֶרטעֶר.
אִין דעֶם נִגוּן האָט געֶקלוּנגעֶן
טרעֶהרעֶן, צַער אוּן גרוֹים רַחֲמָנוּת
אוּן דעֶרבײַ אַ מאָדנעֶ שִׂמְחָה.
אִיךְ האָב דעֶמאָלט נִיט פעֶרשטאַנעֶן,
וואָס עֶס האָט בעֶטײַט דאָס זִינגעֶן:
צִי אַ נִגוּן, צִי אַ תְּפִלָה
צִי אַ לוֹיב דעֶם כַּבְיָכוֹל,
צִי אַ וִדוּי פוּל מִיט טרעֶהרעֶן?...
שפּעֶט בײַ נאַכט, נאָךְ חֲצוֹת אוּן סְלִיחוֹת,
אַז דעֶר צַדִיק האָט געֶלעֶגט זִיךְ
מִיט אַ זִיפץ אוֹיף זײַן געֶלעֶגעֶר
פוּן צווײ הוֹילעֶ, שמאָלעֶ ברעֶטעֶר
אוּן האָט אָנגעֶהוֹיבעֶן דרעֶמלעֶן,
האָב אִיךְ זִיךְ אִין שטוּב פעֶרקלִיבעֶן.
קוֹדֶם כָּל האָב אִיךְ געֶנוּמעֶן
שטִיל צוּ רוּפעֶן: „יֵצֶר־הָרָע!
שטעֶל זִיךְ פאָר פאַר מײַנעֶ אוֹיגעֶן
אוּן בעֶווײַז דעֶם גלײַכעֶן וועֶג מִיר
צוּ דעֶם האַרץ פוּן גרוֹיסעֶן צַדִיק!“

עֶס גֶעהט דורךְ אַ הֶרֶף-עַיִן,
און אִיךְ זֶעה -- עֶס קריִכט אַ בְּרִיאָה
פון דעֶם צַדִיק'ס לִינקעֶר פּיאַטעֶ.
אִין מַיִן לעֶבּעֶן נִיט געֶזעֶהעֶן
נאָךְ אַזאַ מִין יֵצֶר-הָרָע!
וויִ אַ שוועֶבּעֶלעֶ אַ דאַרעֶר,
וויִ אַ שרעֶטעֶלעֶ אַ קליִינעֶר,
אַ פעֶר'חוֹשֶׁכ'טעֶר, אַ קראַנקעֶר;
קרומעֶ העֶנד און קרומעֶ פִיסלעֶךְ,
מִיט צובּראָכעֶנעֶ עֲצָמות,
מִיט צובּראָכעֶנעֶ קַרְנַיִם.
און אוֹיף זיִי — אַ גרוֹיסעֶר שטרַיִמעֶל,
בּיִי דיִ אויעֶרעֶן צוויִ פֵּאות
אוֹיפ'ן גוף אַ טַלִית-קָטָן.
קוֹים, מִיט פּיִין און גרוֹיסעֶ צָרוֹת
קריִכט אַרוֹים דעֶר יֵצֶר-הָרָע
פון דעֶם צַדִיק'ס לִינקעֶר פּיאַטעֶ,
וואַשט דיִ העֶנד און זאָגט אָבּ „מודה"
גיִט אַ קרעֶכץ און גיִט אַ זיִפצעֶ
און עֶר פרעֶגט מִיךְ שטיִל, דעֶרשראָקעֶן:
— וואָס בּעֶדאַרפסטו האָבּעֶן, אִשָׁה?
— אִיךְ בּיִן לִילִית, און דיַין מוֹשֵׁל
שַׂר הַטוּמְאָה, אַשמדאַי,
האָט געֶשיִקט מִיךְ צו דיַין צַדִיק.
וויַיז דעֶם וועֶג מיִר צו זיַין האַרצעֶן!
עֶנטפעֶר אִיךְ דעֶם יֵצֶר-הָרָע.
-- צו זיַין האַרצעֶן אַלעֶ וועֶגעֶן
זעֶנעֶן, לִילִית, שוין פעֶרנומעֶן
דורךְ דעֶם יֵצֶר-טוֹב דעֶם גרויסעֶן...
פריִהעֶר האָט עֶר מיִךְ, דעֶר רַצְחָן
פון דעֶם צַדִיק'ס האַרץ פעֶרטריִבּעֶן,

נאָכדעם בּיסלעכווײַז, פּאַמעליך
האָט ער מיך געשטופּט, געשטויסען
בּיז איך בּין אהער געקומען,
און אָט דאָ אין לינקער פּיאַטע
ליעג איך אין געהאַקטע וואונדען,
שטענדיג פאַסט איך נור הפסקות
און ווער שטענדיג אויסגעריסען.
און דער צדיק אָהן רחמנות
בּרעכט מיר טאָג און נאַכט די בּיינער
הענד און פיס און אַלע גליעדער
זענען שוין בּײַ מיר צובּראָכען!...
ניין! אַ וועג צום צדיק׳ס האַרצען
קאָן איך, לילית, דיר ניט ווײַזען!...
— ניט פאַר מיר איז דאָס אַ תירוץ!
ענטפער איך מיט שטאָלץ דעם הויקער:
זה הרגע ווײַז אַ וועג מיר!
און אויב ניט — וועסטו בּעקומען
הייסע שמיץ פון אשמדאַי!
פון אַזעלכע מיני ווערטער
האָט דער קראַנקער יצר-הרע
זיך פערטרייסעלט מלא פּחד
און אַרויסגערעדט מיט טרעהרען:
— עס איז נור איין וועג פערבּליבּען,
ניט קיין וועג — אַ ווינסטע שטעגעל,
אַ פערפינסטערטע, פערדרעהטע:
דורך דעם צדיק׳ס לינקע פּאה.
פּרוב זיך, לילית, קריך אין פּאה!
— נו, אין פּאה, איז אין פּאה!
ניט געמאַכט קיין גרויסע שהיות
זיך גענומען מוטיג קריכען...
מיט אמאָל הויבּט אויף דער צדיק

זײַן צודאַרטע האַנד צום פּאה,
הויבּט זיך אָן גאַנץ שטאַרק צו קראַצען,
און איך פאַל אַרויס פון דאָרטען
און בּלײַבּ שטעהן אין מיטען חדר
אַ געבּליזזטע, אַ פערשײַטע ...
אָהן אַ פאַרוק ווי אַ שיקסע ...
אויפגעוואַכט האָט זיך דער צדיק
פון זײַן לײַכטען-לײַכטען דרעמיל
און האָט אויפגעמאַכט די אויגען,
בּײַ אַ רגע ליעגט ער רוהיג,
קוקט אויף מיר בּלא שום חידוש,
נור מיט צער און מיט רחמנות,
גיט אַ זיפץ פון טיעפען האַרצען
און שטעהט אויף פון זײַן געלעגער.
— דרויסען גיסט ווי פון אַ צאַפּען,
הויבּט ער לאַנגזאַם אָן צו רידען:
פינסטער, קאַלט, אַ זאַוואַרוכע, —
אַז דו בּיזט אַהער געקומען
שפּעט בּײַ נאַכט, דורך ווינד און רעגען,
מוזט דו דאָך מסתּמא האָבּען
עטוואָס וויכטיגס מיר צו זאָגען.
האָסט מסתּמא אַ בּקשה,
האָסט אַ גרויסען צער אין האַרצען?
נו, דערצעהל-זשע מיר, מײַן טאָכטער,
וואָס דו האָסט פאַר אַ מין דאגה,
פאַר אַ צער, פאַר אַ בּקשה,
אויבּ עס איז נור אין מײַן שליטה,
וועל איך דיר אַודאי העלפען
מיט אַ תּפלה צו דעם בּורא
מיט אַ וואָרט צי מיט איין עצה.
אוי, מײַן טאָכטער, זאָגט ער ווײַטער

און קוקט אָן מיט גרויס רַחֲמָנוּת
מײַן געבּליזטע האַרץ און רוקען:
געהסט אום נעבּעך קְרוּעָה בְּלוּיָה,
האָסט אַפָּנים אונטערוועגענס
אַלץ פערלאָרען, אי דאָס טיכעל
אי די ליאַמקע, אי דעם שלייער.
נאַ, מײַן טאָכטער, אָט איז לײַוועַנד
נעהם, פערדעק אויף גיך דײַן חֶרְפָּה...
ניט געשמאַק איז מיר געוואָרען
פון דעם צַדיק'ס פראָסטע ווערטער, —
פיהרט איהר סִפּוּר לִילִית ווײַטער —
נישט צו מאַכען, איך פערדעק זיך
ברוסט און רוקען און די שערות,
מיט דעם צַדיק'ס גראָבּע לײַווענד
און איך זוך דערווײַל אַנ'ענטפער
אויף דעם צַדיק'ס שווערע שְׁאֵלָה:
וועגען וואָס איך בּין געקומען?
און איך פאַל אויף אַ הַמְצָאָה,
גאָר אַ זעלטענע הַמְצָאָה,
וועלכע האָט פיעל מאָל געהאָלפען
מיר צו שטרויכלען גוטע יודען
פון די העכסטע, פון די גרעסטע.
רַבּי! איך בּין אַנ'עֲקָרָה!
און צו אײַך איז מײַן בַּקָשָׁה,
איהר זאָלט געבען מיר אַ קַדיש", —
ענטפער איך און מאַך אַ תְּנוּעָה
פון אַנ'אֱמֶת'ער הולטײַקע.
נור דער צַדיק בּלײַבּט קאַלט בּלוטיג,
ער בּעמערקט זיך ניט מײַן תְּנוּעָה,
שווײַגט פערטראַכט אַ הײבּשע ווײַלע,
און הויבּט אָן אַזוי צו רײדען:

„בּיזט, מײַן טאָכטער, אַנ׳עֲקָרָה,
איך פערשטעה גאַנץ גוט דײַן צער!
נור מיט וואָס קען איך דיר העלפען?
מיט אַ תְּפִלָּה צו דעם בּוֹרֵא?
נור בּערעכען זיך אַ בּיסעל,
וואָס קאָן איך דעם בּוֹרֵא זאָגען
יועגען דיר און דײַן בַּקָשָׁה?
אויב ער גיט דיר ניט קיין קינדער.
האָט ער דאָך אַ טַעַם מִסְתָּמָא
דיך צו שטראָפען מיט דעם עוֹנֶשׁ.
קאָן איך דען צום בּוֹרֵא שרײַען:
„ניט וואָרהאַפטיג איז דײַן מִשְׁפָּט,
בּרעך דײַן גְזַר־דִין, גיב איהר קינדער!"?
דאָס וואָלט זײַן אַ שטאַרקע עַזוּת...
נור איך רעכען, אַז איין עֵצָה
קאָן איך דיר אַ גוטע געבען:
פּרוב אַלײן צום בּוֹרֵא רײדען —
ניט מיט ווערטער, נור מיט מַעֲשִׂים.
זעהר פּראָסט איז דאָך דער עִנְיָן:
ווילסט ניט בּלײַבּען קיין עֲקָרָה,
קינדער, קינדער ווילסטו האָבּען, —
נו, טאָ נעהם אויף זיך צו ווײַזען,
אַז דו האָסט אין טיעפען האַרצען
אַלע חוּשִׁים פון אַ מוטער".
„יוי אַזוי זאָל איך דאָס ווײַזען?"
פרעג איך שוין אָהן אַ מין תְּנוּעָה.
„זעהר גרינג איז דאָס צו ווײַזען —
ענטפערט מיר דערויף דער צַדִיק, —
וועניג איז דען דאָ יְתוֹמִים,
וועניג אָרימינקע קינדער,
קראַנקע, הונגעריגע, שלאַפע,

וועלכע בלאַנקען אום פערלאָזען ?
פרוב זיך, וועָר פאַר זיי אַ מוטער,
רינגעל זיי אַרום, מיין טאָכטער,
מיט רחמנות און מיט ליעבע...
דאָ, נים וויים, איז פ׳רהאַן אַ שטעדטיל,
דאָרטען זענען פ׳רהאַן אביונים,
דאָרטען זענען פ׳רהאַן יתומים,
קראַנקע, עלענדע און שוואַכע
אָהן אַ פּיצעלע השגחה.
קום מיט מיר, איך וועל דיר ווייזען,
ווי די טייבעלעך צו העלפען,
ווי צו זיין פאַר זיי אַ מוטער.
געהסט, מיין טאָכטער?" — און דער צדיק
קוקט דערביי אויף מיר מיט רחמים
און מיט שטילען, טיעפען צער.
ושמדאַי! יאָ, אין מיין לעבען
האָב איך פיעל געזעהען אויגען,
שענע אויגען, קלוגע אויגען,
פרומע, טיעפע, פול מיט פונקען
פון גאָט׳ס פורכט, פון הויכע דבקות,
פול מיט קאַלטען, פרומען צאָרן,
אויגען אונטער גראָע ברעמען,
בייזע און געדיכטע ברעמען, —
אָבער אָט אַזעלכע אויגען
ווי ביים לייזעָנטענעם צדיק
האָב איך קיינמאָל נים געזעהען. —
קלאָרע, בלאָע ווי דער הימעל,
און אַזעלכע הייליג-פּראָסטע
ווי די אויגען פון אַ תינוק,
תמ׳עוואַטע פּראָסטע בליקען,
ווי זיי וואָלטען עפּעס פרעגען.

נור דעם כּחַ פון די בליקען
איז אונמעגליך צו בעשרייבען!
גלייך אין הארצען, גלייך אין נֶפֶש
דרינגען דורך די פראָסטע בליקען
און זיי בעטען, און זיי הייסען
מיט אַ ליעבשאַפט מיט אַ שְׁלִיטָה:
„זאָג דעם אֱמֶת! זאָג דעם אֱמֶת!"
איך געדענק ניט וויפיעל רֶגַע'ס
(אֶפְשַׁר שָׁעות, אֶפְשַׁר יאָהרען)
בין איך ווי פערשטיינט געשטאַנען
פאַר די אויגען פון דעם צַדִיק.
נור איך האָב מיט אַלע חוּשִׁים
שוין געפיהלט דעם צַדִיק'ס שְׁלִיטָה,
שוין געפיהלט, אַז אין מיין הארצען
ווערט צושמאָלצען, געהט פונאַנדער
פון דיין סם דער שטיין דער שוואַרצער.
און איך האָב געפאָלגט דעם צַדִיק,
בין מיט איהם געהאָרכט געגאַנגען,
וואו ער האָט געטהון מיך פיהרען...
ביי קַבְּצָנִים, ביי אֶבְיוֹנִים
ביי אַלְמָנוֹת, ביי יְתוֹמִים,
אין הֶקְדֵשִׁים, תַּלְמוּד־תּוֹרָה'ס —
אומעטום בין איך געוועזען
און געטהון מיט גוטען ווילען
און איין אַנדערס מאָל מיט שִׂמְחָה
און מיט הייסע זיסע טרעהרען,
וואָס דער צַדִיק האָט בעפעהלען,
די פערוואָגעלטע יְתוֹמִים,
שלאַפע, אָרימינקע קינדער,
בלייכע, הונגעריגע, קראַנקע,
האָבען מיך גערופען: „מאַמע!"

און ס'איז ניט געװען קײן טָעות .
איך בין זײ געװען אַ מוטער,
איך האָב זײ געצװאָגט, געװאַשען,
זײ געגעבען עסען, טרינקען,
נאָכגעקוקט, געהײלט די װאונדען
און געלערענט זאָגען „מודה" .
איך געדענק ניט װיפיעל װאָכען
בין איך אין דער שטאָדט פערבליבען ,
יעדען אָװענד פלעגט דער צַדיק
קומען מיך געװאָהרע װערען,
פלעגט מיך טרײסטען און דערצעהלען
מיר ספּורים און נִפְלָאוֹת
פון בַעַל-שֵם, פון װילנער גָאוֹן,
פון די ל"ו צַדיקים
און פון אַנדערע נִסְתָּרים .
ביסלעכװײַז האָב איך דערגאַנגען,
װי-אַזוי עס לעבט דער צַדיק .
איך װאָלט נור אַ קאָפּ בעװײַזען
יענע גרױסע גוטע יודען
פון דער ליטאָ און פון פּױלען,
װי דער לײַװענטענער רֶבּי
לעבט זיך פּראָסט און דינט דעם בּוֹרֵא !
ניט קײן זֵכֶר פון פּדיונות ,
קײן מְשָרְתים, קײן גַבָּאִים ,
ניט קײן נִסים, ניט קײן מוֹפְתִים ,
ניט קײן חֶבְרוֹת װילדע חֲסִידים ,
ניט קײן ברײטע שָלש סְעוּדוֹת ,
ניט קײן חאַפּעניש שִירַים .
נײן ! דער לײַװענטענער רֶבּי
לעבט זיך פון יְגִיעַ כַפּוֹ,
ער בעאַרבײט די אֲדָמָה

גאָר, לְהַבְדִיל, ווִי אַ פּויעֶר.
אויף אַ קלֵיינִינקעֶר יְערוּגָה
אַקעֶרט עֶר און זֵייהט זִיךְ קאָרן
און עֶר נעֶהרט זִיךְ פון זַיין אַרבֵּייט.
זַיינעֶ שְׁכֵנִים, די עֲרֵלִים,
אַלעֶ גוֹיִם פון דעֶר סְבִיבָה
בּעֶטעֶן, ווֵיינעֶן, עֶר זאָל בּעֶנשעֶן
זֵייעֶר פעֶלד און זֵייעֶר אַרבֵּייט,
און עֶר בּעֶנשט. און אויף די פעֶלדעֶר
איז זִיךְ שטעֶנדִיג דאָ בְּעִתּוֹ
רעֶגעֶן, טוֹי און שעֶנעֶם וועֶטעֶר,
נִיט קֵיין האָגעֶל, נִיט קֵיין שטורם
זעֶהעֶן קֵיינמאָל נִיט די פעֶלדעֶר.
אֵיינמאָל האָט דעֶר לִיעבּעֶר צַדִיק
מִיר דעֶרצעֶהלט אַ לאַנגעֶן סִפּוּר
וועֶגעֶן גרויסעֶ בַּעֲלֵי-תְשׁוּבוֹת.
אִיךְ האָבּ אויסגעֶהעֶרט די מַעֲשֶׂה,
האָבּ זִיךְ שטאַרק צעֶווֵיינט, צוּואָמעֶרט
און האָבּ אָנגעֶהויבּעֶן רֵיידעֶן...
אָהן הַקְדָמוֹת און אָהן בִּיוּשׁ,
האָבּ אִיךְ פּראָסט דעֶרצעֶהלט דעֶם צַדִיק
ווער און וואָס אִיךְ בִּין געֶוועֶזעֶן.
נור, ווִי אִיךְ האָבּ גוט פעֶרשטאַנעֶן,
האָט פון הִימעֶל שוין דעֶר צַדִיק
לאַנג געֶוואוסט אַז אִיךְ בִּין לִילִית.
עֶר האָט אויסגעֶהעֶרט מַיין סִפּוּר,
איז אַ ווַיילעֶ שטִיל געֶזעֶסעֶן
שטאַרק פעֶרטִיעפט אִין די רַעֲיוֹנוֹת
און עֶס האָט געֶרוּהט די שְׁכִינָה
אויף זַיין פרומעֶן, בּלֵייכעֶן פָּנִים;
נאָכדעֶם, מִיט אַ שטִילעֶן שמֵייכעֶל,

האָט ער אויסגערעדט די ווערטער:
„שטאַרק אַפָּנים איז דער נִצוֹץ
פון אַ יודישער נְשָׁמָה,
אַי ער האָט זיך ניט פערלאָשען
טיעף אין האַרצען זעלבסט ביי לִילִית!"
האָט רַחֲמָנוּת, גיט מיר, רֶבִּי
פאַר מיין זינד אַ גרויסע תְּשׁוּבָה,
איך וועל טהון וואָס איהר וועט הייסען!"
האָב איך אָנגעהויבען בעטען.
נור דער צַדִיק האָט געענטפערט:
„דו אַליין ביי זיך אין האַרצען
זוך, מיין טאָכטער, אויף אַ תְּשׁוּבָה
נאָך דיין שֵׂכֶל, דיין הַשָּׂגָה,
נאָך דער מאָס פון דיין חֲרָטָה".
און איך האָב אַליין געפונען
זיך אַ תְּשׁוּבָה, ניט אַ שווערע,
נור אַ טיעפע און אַ זיסע,
נאָך מיין שֵׂכֶל, מיין הַשָּׂגָה,
נאָך דער מאָס פון מיין חֲרָטָה:
אַלע אָוענד, נאָך דער אַרבייט
ביי די קינדער די יְתוֹמִים,
געה איך מיר אין שוהל פון שטעדטיל
(אין דער ווייבערשער, פערשטעהט זיך)
און איך זאָג זיך דאָרטען תְּחִינוֹת,
זיסע תְּחִינוֹת פון „בַּת טוֹבִים"
ביז פריה מאָרגען, ביז וָתִיקִין.
דאָס איז גאָר די גאַנצע תְּשׁוּבה,
און איך בין ווי ניי געבוירען.
מיינע קינדער, די יְתוֹמִים,
און די זיסע פרומע תְּחִינוֹת
און דעם לייוועטנטענעמ'ס ווערטער

און דער בליק פון זײַנע אויגען. —
אַלץ אָט דאָס האָט מיך געענדערט:
איצט האָב איך שוין גאָר פערגעסען
אַלע תּנועות פון אַ לילית.
און בײַ מיר אין טיעפען האַרצען
האָבען זיך דערוועקט מיט כּח
די געפיהלען פון אַ מוטער
מיט אַ יודענע צוזאַמען!
אַשמדאי! אָ, אַשמדאי!
איך האָב דיר דערצעהלט דעם אֱמת,
נו, און ווײַטער אַרט מיך ווייניג.
קענסט זיך דונערן און בליצען,
קענסט מיר אָנטהון כּל הצרות,
זײַ נור וויסען, אַז די שליטה
האָסטו שוין אויף מיר פערלאָרען.
איך בין מעהר שוין ניט קיין לילית,
איך בין איצטער אַ בעל תשובה!



## ז.

## דער שרעקליבער משפט.

ניט מיט דונערן און בליצען
ניט מיט שרעקליך ווילדע קולות
האָט געענטפערט אַשמדאי
אויף דעם ספּור פון זײַן לילית.
ניין, ער איז געבליבען זיצען
שטום און קאַלט און אָהן אַ תּנועה,
מעהר נישט אין די גרינע אויגען
האָבען זיך געשווינד געביטען
הײסע פונקען פון געפיהלען

פון אַכְזָרִיוּת און רַחֲמָנוּת,
לִיעבּע, האַס און שׂוועֶרעֶ לייִדען.
שרעֶקליך שטיל ווי אין אַ קֶבֶר
איז געווען אין שוואַרצען טורם.
שטיל און רוהיג איז געשטאַנען
לִילִית פאַר דעם אַשמדאי,
שטיל פערשטיינערט איז געזעסען
אויף זיין שטוהל דער שַׂר הַטוּמְאָה
נור די גרויסע האָלאָיעשקע
האָט מיט פייער-רויטען צאָרן
אַלץ און אַלעמען בּעגאָסען.
נאָך אַ לאַנגען, טיעפען שווייגען
האָט דער אַלטער אַשמדאי
שטיל אַרויסגערעדט די ווערטער:
„בּאַלד וועט פאָרקומען דיין מִשְׁפָּט.
גרייט זיך, לִילִית, צו מיין גְזַר דין!"
און האָט אָנגעהויבען פרעֶפּלען
ווי עס פּרעֶפּעלט אַ מְכַשֵׁף:
— אַלטע רוחות, גרייזע רוחות,
פון דעם גרוֹיסען טיעפען נִילוּס
פון דעם ווייטען לאַנד מִצְרַיִם,
רוחות פון די אַלטע פַּרְעה'ס,
פון די גרויסע שטערן-זעהער
און פון אַנדערע מְכַשְׁפִים
בּרייִנגט אהער צו מיר אין טורם,
בּרייִנגט געשווינד אַהער צופיה'רען
דריי חַרְטוּמִים פון מִצְרַיִם,
פון די עלטסטע, פון די העכסטע,
כְּדֵי צו מִשְׁפְּט'ן מיין לִילִית.
דאָס בּעפעהל איך, אַשמדאי!
עס געהט דורך אַ הֶרֶף-עין,

אוּן אִין גרויסעֶן שוואַרצעֶן טוּרם
שטעֶהעֶן שוין דיִ דרײַ חַרְטוּמִים —
הויכעֶ, דיִקעֶ, גראָהעֶ, אַלטעֶ,
אָנגעֶבלאָזעֶנעֶ אוּן קאַלטעֶ,
אִין דיִ לאַנגעֶ, שוואַרצעֶ קיִטלעֶן,
אִין דיִ שפּיִציִג־הויכעֶ היִטלעֶן
מיִט דיִ גרויסעֶ שטעֶקעֶנס.
אוּן זײַ שטעֶהעֶן, אוּן זײַ פּרעֶפּלעֶן
אויף מִצְרַיִם־לָשׁוֹן ווערטעֶר
פוּן פערשווערעֶניִש אוּן כִּשּׁוּף.
— דרײַ חַרְטוּמִים פוּן מִצְרַיִם,
רוּפט זיִךְ אָב דער אַשמדאי:
אִיךְ האָב אײַךְ אַהעֶר געֶרוּפעֶן,
אִיהר זאָלט מִשְׁפֶּט׳ן מײַן לִילִית
נאָךְ דעֶם דִין פוּן אײַערעֶר כִּשּׁוּף.
זיִנט דיִ עֶרד מיִט דעֶם לִוְיָתָן
שוויִמעֶן אוּם אִין יַם הַגָדוֹל,
זיִנט דעֶר בּוֹרֵא האָט בּעֶשאַפעֶן
דעֶם גַן־עֵדֶן אוּן דעֶם גֵיהִנוֹם,
מַעֲשִׂים טוֹבִים אוּן חֲטָאִים,
זיִנט איִךְ בּיִן אַנ׳אַשמדאי,
האָט נאָךְ קײנמאָל ניִט געֶטראָפעֶן,
אַז אַ רוּחַ פוּן מײַן שְׁלִיטָה
זאָל אִין מיִר מיִט עַזוּת פעֶלשעֶן,
לִילִית האָט געֶמאַכט אַנ׳אָנהויב.
ס׳זעֶנעֶן גרויס דיִ הָרֵי חוֹשֶׁךְ, —
גרעֶסעֶר אִיז דיִ זיִנד פוּן לִילִית.
מִשְׁפֶּט זיִ געֶשוויִנד אָהן רַחֲמִים!
אוּן דיִ אַלטעֶ דרײַ חַרְטוּמִים
הערעֶן אוים דעֶם אַשמדאי,
הערעֶן אוים דעֶם שוואַרצעֶן עֵדוּת,

הערען נאָכדעם אוים פון לִילִית
אִיהרע טַעֲנוֹת און אִיהר סִפּוּר
און זײַ בלײַבען שטעהן ווי פריהער
אָנגעבלאָזענע און שטרענגע,
און זײַ פרעפּלען מִיט די לִיפּען,
און זײַ פִינטלען מִיט די אויגען,
און זײַ קלאַפּען מִיט די שטעקענס,
און זײַ טהוען זײַער כִּשּׁוּף.
ס'איז אַ פַּחַד, ס'איז אַן אֵימָה.
נאָכדעם רופט זיך אָב דער יונגסטער
פון די אַלטע דרײַ חַרְטוּמִים:
— איך וועל פאָרלעגען מײַן פְּסַק-דִין
עַל פִּי דִין און עַל פִּי יוֹשֶׁר:
זינדיג איז, פערשטעהט זיך, לִילִית —
נאָר אַזוי ווי אִין אִיהר שטרויכלונג
איז אַ גרויסער צַדִּיק שולדיג,
וועלכער איז אַפילע שטאַרקער
איידער אַלע יֵצֶר-הָרָע'ס,
וועלכער וואָלט זיך קאָנען ראַנגלען
האָטש מיט עוג מֶלֶךְ הַבָּשָׁן,
ניט וואָס מיט אַ שוואַכער אִשָּׁה, —
וואָלט איך פאָרלעגען אַ מִשְׁפָּט
ניט אַ שטרענגען, מיט רַחֲמָנוּת:
לאָזען שֵׁדִים זי צורײַסען
אויף תרפ"ט אֲלָפִים שטיקלעך,
נאָכדעם זאָל מען זי פערברענען
אין אַ קאַלך-אויווען אַ גרויסען,
און די אַש וואָס עס וועט בלײַבען
זאָל מען געבען שטענדיג שמעקען
יענע גרויסע בַּעֲלֵי-עֲבֵרוֹת,
וועלכע זענען אויף דער עלטער

פרום געוואָרען, בַּעֲלֵי-תְּשׁוּבוֹת,
וויַיל זיי האָבען ניט קיין ציינהנער,
וויַיל זיי האָבען ניט קיין תַּאֲווֹת.
דאָס וועט זיַין אַ גרינגער מִשְׁפָּט
עַל פִּי דִין וְעַל פִּי יוֹשֶׁר.
— דאָס איז, חַרְטוּם, ניט קיין מִשְׁפָּט,
דאָס איז בלויז נור אַ גלייַכוועֶרטיל!
ענטפערט קאַלט דער אַשמדאי:
אָט אַזעלכע מיני שטראָפען
טהוען אָפט בעקומען שֵׁדִים
פון מיַין האַנד פאַר קליינע שְׁטוּתִים.
צווייטער חַרְטוּם! זאָג דיַין מִשְׁפָּט.
און דער צווייטער חַרְטוּם פרעפעלט:
— אַשמדאי! אין מיַין גְזַר דִין
ועסטו זיכער ניט געפינען
ניט קיין רַחֲמִים, ניט קיין יוֹשֶׁר.
זאָל זיַין מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה.
דורך געפיהלען פון אַ מוטער
האָט דער לייַוועֶנטעֶנער רֶבִּי
זי געמאַכט פאַר אַ בַּעַל-תְּשׁוּבָה.
אשמדאי! דו מאַך אַז לִילִית
זאָל געשטראָפט זיַין ווי אַ מוטער!
דאָס וועט זיַין די שטראָף די גרעסטע.
גיב איהר קינדער! גיב איהר קינדער!
לאָז זי זיי מיט שמערצען ברייִנגען
אויף דאָס פינסטער שוואַרצע וועלטיל.
לאָז זי נאָכדעם זיי ערציהען
מיט פיעל צַער און מיט יְסוּרִים
און מיט גרויסע אֵימַת מָוֶת.
און דערנאָך, אַז איהרע קינדער
וועלען אויף די פיס זיך שטעלען,

דעמאָלט הויב זיִ אָן צו שטראָפֿען.
מאַך זיִ אַלע פֿאַר הולטאַיעס,
פֿאַר גַנָבִים, פֿאַר גַזְלָנִים,
און צווזיִה זיִ אין די תְפִיסוֹת.
אָדער מאַך, זיִ זאָלען שטאַרבען
אין אַ וויַיטען לאַנד אַ וויִסטען
פֿון אַ ביִזער קויל, פֿון הונגער...
מאַך אַז זייִער מוטער לילית
זאָל זיִך בליַיבען אויף דער עלטער
עלענד, אָרים און פֿערוואָגעלט
מיִט אַ האַרץ פֿון הוילע וואונדען,
וועלכע זאָלען שטענדיִג שמאַרצען,
וועלכע זאָלען שטענדיִג ברענען
פֿון די זאַלץ און פֿון דעם פֿיַיער
פֿון די בלוטיִג-היִיסע טרעהרען!...
דאָס וועט זיַין אַ האַרבער מִשְׁפָּט,
גְזַר-דִין: מִדָה כְּנֶגֶד מִדָה.
— דאָס איז, חַרְטוּם, יאָ אַ מִשְׁפָּט,
ענטפֿערט איהם דער אַשמדאי:
נור פֿאַר לִילִית איז דאָס ווענִיג.
דו ביִזט יאָ אַ גרויסער חַרְטוּם,
נור די טיִעפֿע, טיִעפֿע סודות
פֿון אַ מוטער, פֿון איהר האַרצען
זענען נאָך פֿאַר דיִר פֿערבאָרגען.
אין די גרעסטע, שטאַרקסטע לייִדען
אין די בלוטיִג-היִיסע טרעהרען
פֿון אַנ'אונגליִקליִכער מוטער
טהוען דאָך זיִך שטענדיִג ליַיכטען
קלאָרע טראָפּענס, גליַיך ווי פֿונקען,
פֿון מְחִילָה און פֿון ליִעבע.
און זיִ טריִיסטען, און זיִ היִילען

ווי אַ באַלזאַם איהרע וואונדען.
ניין, פאַר לילית איז דער מִשְׁפָּט
ניט קיין שטראָף נאָך איהרע מַעֲשִׂים!
ביי אַ רֶגַע הערשט אַ שטילקייט
אין דעם גרויסען שוואַרצען טורם;
און דער אַלטער אַשמדאי
וואַרט דעם פְּסַק-דִין פון דעם דריטען
גרעסטען חַרְטוּם של מִצְרַיִם.
מיט אַמאָל הויבט אָן צו קוויטשען
יענער קליינער שוואַרצער שֵׁד'ל,
וועלכער שטעהט דאָ פאַר אַיין עֵדוּת:
— פאַר דיין לילית, אַשמדאי,
האָב איך גאָר אַ פְּסַק אַ פיינעם.
נור ערלויב מיר איהם צו זאָגען.
— רייד! נור קירצער און אָהן מליצה!
— אָט אַזוי. הֱיוֹת ווי לילית
איז אַ גרויסע בַּעֲלַת-תְּשׁוּבָה,
נור הֱיוֹת, ווי עס פערשטעהט זיך,
אַז אין אונזער זיסען גֵיהִנוֹם
וועט קיין אָרט זיך ניט געפינען
פאַר אַ לִילִית אין אַ פאַרוק —
וואָלט איך דיר אַיין עֵצָה געבען:
דו פערשיק זי גלייך אין אויסלאַנד
אין פאַריז, בערלין, צי בערן
צו שטודירען אויף אַ דאָקטאָר.
אַז זי וועט אַהינצו קומען,
וועט מען גלייך זי נעהמען פרעגען:
„מַה שְּׁמֵךְ?" זאָג ווער ביסט דו?
זאָג פון וועלכער אוּמָה שטאַמסט דו?
און דערצו בעווייז פאַפירען!
נאָכדעם אין אַ גרויסען חֵדֶר.

פול מיט גלעזלעך אויף'ן פייער,
וועט זי כשוף'ן און פרעפלען,
נאכדעם וועט זי שניידען מתים,
אקוראט ווי פראסטע שדים
ארבייטען אין טיפען גיהנום,
נאכדעם וועט מען זי פערשטעלען
שניידען לעבעדיגע מענשען.
און דערצו די תענוגים —
שווער איך דיר, מיין גרויסער הערשער! —
וועט זי דארטען האבען צרות,
פון גרויס נויט און פון בלבולים,
וועט זי אויסגעריסען ווערען
פיעל מאל מעהר ווי דא אין גיהנום...
און דער אלטער אשמדאי
גאר אהן ווערטער און אהן כעס
חאפט דעם שד'ל פאר'ן ווידעל,
שליידערט איהם ארויס פון קוימען
און ער זאגט צום דריטען חרטום:
עלטסטער חרטום, זאג דיין משפט!
— קורץ און פראסט וועט זיין מיין גזר־דין,
ענטפערט שטיל דער אלטער חרטום:
לאז זיך לילית בלייבען לילית
ווי אט איצטער א בעל־תשובה...
דאס איז גאר, וואס איך קאן געבען
ווי א פסק פאר איהר עבירה...
— איך פערשטעה ניט, גרויסער חרטום,
וואס עס זאל דיין פסק בעדייטען?
פרעגט פערוואונדערט אשמדאי,
און דער אלטער גראער חרטום
שווייגט א ווילע ווי פערשלומערט,
און הויבט ווידער אן צו פרעפלען:

— איצט איז לִילִית אַ בַּעַל־תְּשׁוּבָה,
אין אַ פּאַרוּק, אין אַ צוּפּוּק
מיט אַ גרויסען קָרְבַּן-מִנְחָה
מיט די תְּחִינוֹת „פון בַּת-טוֹבִים",
גאָר אַ צְנוּעָה ווי גְעהֶערִיג.
נור, זייַ מוֹחֵל, אַשמדאי,
גיב איהר טיעף אַ בליק אין האַרצען, —
וועסטו דאָרטען נאָךְ געפינען
פון דער פריהערדיגער לִילִית
אַלֶע תְּנוּעוֹת, אַלֶע תַּאֲווֹת
און דעם קוואַל פון סַם הַמָּוֶת,
וואָס דו האָסט אַהין געגאָסען.
גלויב מיר, אַלץ איז גאַנץ אין האַרצען,
נור פערדעקט מיט פרומע בְּשָׂמִים.
לאָז זיךְ איצטער לִילִית בלייבען
ווי זי איז, מיט איהרע תְּחִינוֹת,
מיט די זינד אין טיעפען האַרצען,
מיט דעם סַם און מיט די בְּשָׂמִים.
דו ניט זאָרג, ביי איהר אין האַרצען
וועט שוין זיין אַ גוטער גֵיהִנוֹם:
שטענדיג שרעקליכע מַחְלוֹקוֹת
צווישען אַלערליי געפיהלען,
צווישען תְּשׁוּבָה און פיעל תַּאֲווֹת,
צווישען לִילִית און „בַּת-טוֹבִים"!
און דערביי נאָךְ, אַשמדאי,
וועט זי בלייבען אַ ווילד פרעמדע
אי פאַר מענשען, אי פאַר רוּחוֹת,
אי פאַר גוטע, אי פאַר בייזע.
וויַיט פון גֵיהִנוֹם דעם טיעפען,
וויַיט פון ליכטיגען גַן־עֵדֶן,
פאַר צדיקים — אַלץ אַ לִילִית,

פאַר די חוטאים — אַ בַּעל-תְּשׁוּבָה,
פאַר די פרומע — אַ מַרְשַׁעַת,
פאַר היינט-וועלטיגע — אַ צְנוּעָה ...
פרעמד פאַר די און פרעמד פאַר יענע,
וועט זי בלאָנזען אַ פערשמאַכטע,
און זי וועט פון אַלע זייטען
זעהען מעהר נישט בייזע בליקען,
הערען קְלָלוֹת און בִּלְבּוּלִים.
שרעקליכער פון אַט די ליידען
וועסטו זיכער נִיט געפינען!
און דער אַלטער אַשמדאי
זיצט פערטראַכט אַ הֶרֶף-עַיִן,
ער בעקלערט דעם חַרְטוּם'ס עֵצָה,
נאָכדעם קוקט ער לאַנג אויף לִילִית,
ווי ער וואָלט זיך שרעקליך ראַנגלען
מיט גאָר אַנדערע געפיהלען,
און ער רעדט אַרויס: יְהִי כֵן!
זאָל מְקוּיָם זיין דער מִשְׁפָּט
פון דעם גרויסען אַלטען חַרְטוּם!
פרעמד פאַר מענשען, פרעמד פאַר רוחות,
פרעמד פאַר פרומע, פרעמד פאַר חוטאים
וויַיט פון גֵיהִנוֹם דעם טיעפען,
וויַיט פון ליכטיגען גַן-עֵדֶן
מיט אַ כַּף-הַקֶלַע אין האַרצען
זאָלסטו, לִילִית, אייביג בלייבען!!!
נו, און איצטער, שֵׁדִים, רוחות,
נעהמט זי צו פון מיינע אויגען!
און עס ווערט פערשוואונדען לִילִית ...
ס'ווערען באַלד נאָך איהר פערשוואונדען
די חַרְטוּמִים של מצרַיִם,
און אין גרויסען שוואַרצען טורם

בלײַבט אַלײן דער אַשמדאי
אין אַ טיעפען, טיעפען קומער.

---

שִׁשִּׁים רִבּוא תַּרְנְגוּלִים
גיבען שוין דעם קרײַה דעם דריטען.
יודען לויפען צו וָתִיקִין,
און אין מִזְרָח־זײַט דער הימעל
ווערט אַלץ ליכטיגער און קלערער.
און די אַלע כִּתּוֹת שֵׁדִים
הויבען אָן זיך צו בעהאַלטען.
אונטער דר'ערד, אין טיעפע יַמִּים,
אין די חוּרְבוֹת אויף די בוידעמס,
אין די וועלדער און אין זומפּען...
און דער אַלטער אַשמדאי
גיט אַ לאַנגען זיפץ אַ טיעפען
און פערלעשט די האָלאָוועשקע,
נאָכדעם נעהמט ער אין די נעגעל
אַ משונה־גרויסען חַלֶף,
שטרעקט זיך אויס אַ שוואַרצען פליגעל,
גיט אַ שניט און רײַסט זיך קְרִיעָה
איבער לִילִית די בַּעַל־תְּשׁוּבָה.
נאָכדעם זעצט ער זיך מיט טרויער
אויף דער ערד צו זיצען שִׁבְעָה,
און די ליפּען זײַנע פּרעפּלען:
„לִילִית, לִילִית, מײַן געטרײַע,
דו האָסט, לִילִית, מיך פערלאָזען!...
מיך, דעם גרויסען אַשמדאי,
מיך, דעם מוֹשֵׁל פון די רוחות,
מיך האָט איצטער בײַגעקומען
ניט אַ מַלְאָךְ, ניט אַ שָׂרָף,

ניט דער קלוגסטער מֶלֶך, שְׁלמה,
נור אַ פרוּם אַ פּראָסטעס יודעל —
נור דער לַייוועֶנטענער צַדִיק!..." .

~~~~~~

# נָאכְרֵעדֶע.

זֶה הַסִיוּם שֶׁל הַסִפּוּר;
איצטער וואָש איך נעֶגעֶל-וואַסער
כְּדֵי די טוּמְאָה אָבצושוּוענקען,
וועלכע עס איז נאָך פערבליבען
אויף די שפּיצען פון די נעגעל,
און איך נעהם געשווינד דאָס זעקעל
מיט דעם טַלִית און די תְּפִילִין,
און איך לויף מיר גלייך אין מִנְיָן.
הייסע תְּפִלוֹת, גרויסע שְׁבָחִים
וועל איך שיקען דיר, מיין בּוֹרֵא,
שֶׁהֶחֱזַרְתָּ בִּי נִשְׁמָתִי
מיט אַ גרויסע „חֶמְלָה רַבָּה".
שַׁבָּת וועל איך בענשען „גוֹמֵל".
איצ ער בין איך איך זיך מוֹדֶה,
אַז בְּשַׁעַת איך האָב געשריבען,
האָב איך ווי אַ בלאַט געציטערט,
אַז די טוּמְאָה זאָל ניט שטרויכלען
מיינע טריט מיט איהרע נעצען!
גרויסע נִסִים, שטאַרקע נִסִים,
אַז איך בין אַרויס אַ גאַנצער
מיט מיין קאָפּ און באָרד און פֵּאוֹת
פון דעם שַׂר הַטוּמְאָה'ס טורם,
פון דער טיעפער שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה!
לאַכט ניט, יודען, פון זְכוּת אָבוֹת.
~~~~~~

אִיךְ בִּין זִיכֶער, אַז מַיין זֵיידֶע
רֶבִּי זַלְמֶן דעֶר אַשטרוינעֶר
און מַיין פֶעטעֶר רֶבִּי יַעֲקֹב
הָאבֶּען „דאָרטעֶן״ פִיעל געֶאַרבַּייִם,
אִיךְ זאָל נִיט געֶ׳נַנֶק׳ט ווערֶען ...
און דעֶרצוּ נאָךְ הָאט געֶהאָלפֶען,
וואָס אִיךְ הָאבּ פון דעֶם ליאַדיִעֶר
צַיוִוי קַמֵעוֹת און אַ שְׁמִירָה.
אִיצטעֶר נאָךְ אַ צַיוִוי-דרַיי ווערטעֶר:
ווִי אִיהר זעֶהט, אַחֵינוּ יודעֶן,
אִיז דִי שְׁלִיטָה פון דעֶר טוּמְאָה
גרוים און מִכְבַטִיג; נור פִיעל שטאַרקעֶר
אִיז אַ יוּד אַ צַדִיק תָּמִים.
אָט אִיהר הָאט פאַר זִיךְ אַ מָשָׁל
פון דעֶם לַייַוועֶנטעֶנעֶם צַדִיק.
גאָט זאָל געֶבּעֶן, אַלעֶ יודעֶן
זאָלעֶן אָנהויבּעֶן צוּ לעֶבּעֶן
עַל פִּי אֱמֶת, עַל פִּי יוֹשֶׁר,
אַלעֶ זאָלעֶן ווערֶען תְּמִימִים
ווִי דעֶר לַייווענטעֶנעֶר רֶבִּי,
וועט דעֶר אויבּעֶרשטעֶר אונז שִׁיקעֶן
זַיין מָשִׁיחַ גוֹאֵל צֶדֶק,
און דִי טוּמְאָה מִיט אִיהר שְׁלִיטָה,
און דִי גאַנצעֶ סִטְרָא אַחְרָא
ווִיעט בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ
גאָר פעֶרזונקעֶן ווערֶען, אָמֵן!

1904 יאָהר.



פערלאג
# די נייע ביבליאטהעק.

1 וולאדימיר קאראלענקא: די פּיַיערלעך — די אַגדה וועגען דעם רוימער פלאַר און מנחם בן יהודה. פּריַיז 10 קאָפּ'.

2 מ. ז. פייערבערג: I דאָס קעלבעל, II אין אָוועגד. פּריַיז 8 קאָפּ'.

3 סטאניוקאוויטש: שיַיקע. פּריַיז 8 קאָפּ'.

4 יאפּאן. לאַנד, איינוואָהנער, געשיכטע. צוזאמענגעשטעלט נאָך שריַידער, בולגאַקאָוואַ און אנדערע. פּריַיז 20 קאָפּ'.

5 ספּארטאק. אַנ'ערצעהלונג פון אלט-רוימישען לעבען. פון רפאל דזשיאָוואַניאָלי. איבערזעצט פון רוסישען. פּריַיז 30 קאָפּ'.

6 גאריבאלדי. דער איטאליענישער פאָלקס-העלד. פּריַיז 10 קאָפּ'.

7 אַשְמְדַאי. אַ פּאָעמאַ פון אַנ—סקי. פּריַיז 15 קאָפּ'.

דאס געלד קען אריינגעשיקט ווערען אויך אין פאסטמארקען.

---

אויסצושריַיבען פון פערלאַג:
„НОВАЯ БИБЛІОТЕКА",
С.-ПЕТЕРБУРГЪ, Офицерская ул. д. № 52, кв. 10.
МОСКВА, Петровскія линіи, Петровская библіотека.

Типографія І. Лурье и Ко. Гороховая, 48.